**MIRIAM KRANT**

# Main Gortn
# (My Garden)

POEMS

**Printed By:**
**ADLER PRINTING REG.**
4180 DE COURTRAI, SUITE 218
735-6577

# משה רבינו

אַ מאַסע פּוסטע שקלאַפן
זענען מיר געווען
ווען דו האָסט אונדז באַפרייַט.
אַזוי ווי רויע קליי
אין דער האַנט פון מייַסטער,
האָסטו אונדז געפורעמט,
פון אונדז אַ פאָלק באַשאַפן.

דו האָסט מיט גאָט גערעדט,
און אונדז צו אים דערנענטערט.
די רייד דייַנע, די געטלעכע,
וואָס האָסט אין אונדז פאַרפלאַנצט,
טראָגן מיר אין זיך אייביק אום,
ווי אַ מאָל די לוחות דייַנע.

פאַרפאָלגט און אומגעטריבן
איבער גאָר דער וועלט,
זענען מיר הייַנט צוריק
אין אונדזער אבות־לאַנד,
ווו דו האָסט אונדז אַ מאַל געפירט.

און כאָטש ביסט דאָרט נישטאָ,
איז יעדעסביימעלע,
און יעדעס גרעזעלע
פון דיר באַזונט, געבענטשט.

משה, לערער, נביא,
מעכטיקער געשטאַלט.
אָטעם איז פאַר אונדז
דייַן לערע,
אָטעם און בטחון.

# דער מהר״ל

גרוי איז הײַנט דער טאָג,
און די לופט געשפּאַנט.
געבויגן גייט דער מהר״ל
מיט פֿאַרטראַכטע טריט.
ער הערט, ער שפּירט
ווי פֿון אומעטום
לויערן בייזע וועלף
זײַן עדה צו פֿאַרצוקן.
אַן אומרו אין אים בויערט.

צירופֿים און רמזים
זאָגן אָן
אַז הײַנט, שוין הײַנט מוז ער
דעם גרויסן נס באַווײַזן.
אין חלום האָט ער אַ וויזיע,
אַ ליימענעם ווען געזען.
אַזאַ מוז ער איצט באַשאַפֿן
(מיט דער הילף פֿון שם המפורש)
די סכנה צו פֿאַרטרײַבן.
ער דרייט זיך שנעל אַרום
צו זען צי ס'הערט ניט ווער
אים טראַכטן אין דער הייך.
אַלץ טיפֿער בייגט ער אײַן זיך
די מחשבות צו באַהאַלטן.

ניין, ניט הרגענען וועט דער גולם.
אַ פּחד, אַ בהלה־פײַער
וועט ער אויף זיי אָנוואַרפן
וואָס וועט זיי אַרומרינגלען.
מאַכטלאָז וועלן זיי פאַלן,
פאַרטעמפּט וועלן ווערן
די וועלפּישע ציין.

עס טרערן זײַנע אויגן,
און ס׳ציטערן זײַנע ליפּן.

פּלוצעם העלט אויף זײַן געזיכט,
זײַן רוקן גלייכט זיך אויס.
די גרינגקייט פון די פיס
הייבט אים אויף און פירט אים
צו זײַן גרויסער שליחות.

* * *

# חנה סענעש

וויַיט אַוועק פון רײַכער היים,
האָט זי געפונען רחבות
אין לײַוונטן קיבוץ־געצעלט.
וואָס אַ מאָל איז זי געוואָרן
מער חבריש
מיט יעדן בוים און בלום.
געוועזן איז איר ווינאָרט אומעטום.

אַזוי ווי ליכטיקע שטערן
האָבן זיך צעשײַנט אירע באַגערן.
אַ געשאַנק איז פאַר איר געווען איר לעבן.
מיט אַ ברייטער האַנט
איז זי גרייט געווען
זיך מיט דעם טיילן, געבן.

אין קדושה האָבן זיך
געטונקען אירע טעג.
דאָ, אין וווּנדערלאַנד,
האָט זי קלאָר געהערט
ווי פון אַלע בערג
האָבן אַראָפּגעעכאָט
די נביאים־רייד.
זי דאָט באַנומען זייער באַשייד.

ווען דער שונא האָט
אַ פײַער אָנגעצונדן
יידן צו פאַרלענדן,
איז זי מיטן ווינט אַהין,
אין סכנה גלײַך אַרײַן
כדי זיי מציל זײַן.
איר טײַערסטן פאַרמאָג,
איר יונג, שטראַליק לעבן
האָט זי אַוועקגעגעבן.

# פרץ און אליהו

גאַנץ פרי, מיט שטילע טריט,
אין זיַין ברייטער פעלערינע,
לאָזט זיך פרץ גיין
אין יידישן קוואַרטאַל.

ער זוכט די קליינע שטיבלעך
וואָס שטייען מאַט און קרום,
און ס׳דאַכט זיך אַז זיי ציטערן
ווי די דינע פלויטן
אינעם מינדסטן ווינט.

אין זיַין בליציקן זכרון
צייכנט ער אַראָפּ
יעדן פון די שטיבלעך.

באַלד איז ער מודיע
זיין חבר אליהו
פון יעדעס שטיבעלע באַזונדער,
און ער שלעפּט זיך קוים אהיים
מיט זיַין משא מידקייט.

ערגעץ אויף אַ באַרג
ליגט אליהו אויסגעצויגן,
און אָטעמט אין זיך אַריַין
דעם וווּנדער פונעם זונאויפגאַנג.

נאָר פלוצעם דערהערט ער
דעם נויט־רוף פון זיַין חבר.
גיט ער אַ כאַפּ זיין טאָרבע
וואָס איז פול מיט נסים.

מיט זײַן פעסטן שטעקן
שפּרײַזט ער איבער פעלדער.
אַזוי לאַנג איז יעדער שפּרײַז,
אַז אין רגעס קומט ער אָן
אין ייִדישן קוואַרטאַל.

אין אַיעדן אָרט
ווּ ער שטעלט זיך אָפּ
שאָקלט ער די טאָרבע —
גלײַכט זיך באַלד דאָס שטיבל אויס,
און די פענצטער גלאַנצן
פון אַלע פאַרבן פריידן.
שעפּסן פאַשן זיך אין פעלד,
און עס שמעקט די לופט
מיט שלווה און מיט רו.

אליהו קוקט זיך אום,
און ס׳לײַכט זיין געזיבט...
ווידער ציט ער זײַן שטעקן אויס,
ער טוט אַ שפּרײַז, פאַרשווינדט,
און ס׳בלײַבט אַ חלל בלויז...

* * *

# זעער, אָ, זעער

(אין אָנדענק פון ה. לייוויק)

עס דרימלט דער זעער,
עס דרימלט זייַן וועלט.
פאַרטויבט זייַנע חושים,
פאַרגליווערט, פאַרשטעלט.

נאָך שוועבט פאַר די אויגן
דאָס געזיכט דאָס צעבליטע,
נאָך הערט זיך דאָס קול
מיטן ניגון צעגליטן

שטילער דאָס האַרץ
וואָס געמאָנט האָט נאָר שלום.
פאַרטונקלט די אויגן
וואָס געוועז פול מיט חלום.

זעער, אָ, זעער, ניט דרימל.
ס'איז פרילינג, בלוי איז דער הימל.
הערסט ווי טייַכן פליסן?
עס גרינען שוין די גראָזן.
הערסט ווי ס'שפּאַלט זיך קנאָספּ פון בלעטער?
כ'האָב דערצו קיין ווערטער.

זעער, אָ, זינגער,
שטיי אויף, דערוואַך.
גיב וויזיע, גיב ניגון
צו שטומער פּראַכט.

* * *

# דייַן ניגון

(אין אָנדענק פון י.י. סיגאַל)

גייסט פאַרביי דעם געוויש פונעם מאַרק,
זעסט אַנדערע פאַרבן און קלאַנגען.
דו הערסט אַ ניגון אַ ווייטן
פון פריערדיקע צייַטן.

ווען שפעט אין דער נאַכט שטייסטו אויף צו דייַן ליד
ווי צו חצות דער גאָטספאָרכטיקער ייד,
הערסטו דעם ניגון אַזוי בולט און קלאָר —
דאָס איז דייַן לעבן,
דאָס איז דייַן וואָר.

אין אַ רוחניותדיקער וועלט
זינגסטו תפילהדיק שטיל דייַן ליד
פון באַהאַלטענע צדיקים,
פון רמזים און פון נסים,
מיט טרויער־פרייד און ווונדער־קלאַנג
עבאָט דיין געזאַנג.

* * *

# ראַשעל

**(אין אָנדענק פון ראַשעל וועפּרינסקי)**

ראַשעל גייט אין גאַס אַליין.
גייט זי טאַקע אַליין?
אָ ניין, ראַשעל גייט קיין מאָל נישט אַליין.
בײַם זײַט גייט עמעצער
וואָס איז לאַנג שוין נישט פון הי.

געקרײַצט זענען די הענט,
און סודען צווישן זיך.
טויב און שטום זענען זיי
צו אַלצרינג וואָס אַרום.
זיי הערן נאָר ס׳געזאַנג
וואָס אין זיי גייט אויף.
און ווו נאָר זיי גייען,
פאַרכישופט איז דאָס אָרט.

* * *

# דער דיכטער

ער רײַט אום אויף די וואָלקנס,
אַרום אים שטערן־פונקען
פינקלען אויס אַ ניגון,
און ער זינגט אויס זייער ליד.

טיפער ווערט דער הימל,
ס'טאַנצן אום די פלעמלעך,
הילן אײַן דעם זינגער
אין זייער עקסטאַטיש ליכט.

נאָר עס טרעפט צומאָל
אז שוואַך זענען די פליגל,
און ער פאלט אַראָפּ
צעבלוטיקט און פאַרטרערט.

נאָר די טיפע בענקשאַפט
נאָך די שטערן־פלעמלעך
שטאַרקט אים און פאַרהיילט,
און ציט און הייבט אים ווידער אויף
צו די ווײַטע הייכן.

* * *

## חיים סוטין

איינער פון עלף, אין חושך און נויט
האָט חיימל זיך געשטיקט.
נאָר מערער ווי נאָך ברויט
האָט חיימלען געצויגן
נאָך עפּעס וואָס ניט־הי.

אַ מיסטישע קראַפט האָט אים באַוויגן
גאָר פרי זיך נעמען צום וואַנדער,
זײַן אייגענעם איך צו געפינען.
האָט ער געוואַנדערט, אומגעזוכט,
ביז ר׳האָט זײַן איך געפונען.

נאָר אומעטום האָט דער שטן, דער הונגער
אים געיאָגט און נאָכגעיאָגט.
ער האָט זיך קעגן אים געווערט,
און אים בײַגעקומען.

איין טאָג האָט דער הימל זיך ברייט צעעפנט,
און אַראָפּגעשיקט זײַנע ברכות —
ער איז געווען אַנערקענט.

אין דער עכטקייט פון זײַן בילד
האָט ער זיך געהילט.
ווען ער האָט אין ווערק
דעם מינדסטן פּגם דערשפּירט,
האָט ער געפילט ווי ער וואָלט
זיך אַליין פאַרפירט.

נאָר מיט דער צײַט האָבן דעם שטנס ווונדן
אַלץ טיפער זיך אײַנגעשניטן.
דער קינסטלער האָט זיך מער נישט געקענט ווערן.
ווען ער האָט זײַן איך פאַרלאָרן,
איז זײַן לעבן אויסגעלאָשן געוואָרן.

* * *

# די פרייד פון שעפערישקייט

נעם צונויף דייַן אוצר דימענטן,
שייַער און פּוץ זיי אויס
ביז עס שטראַלט פון זיי ליכט אַרויס.
באָד זיך, פאַרבלענד זיך אין אייגענעם ליכט,
און פיל ווי צעהעלט ס׳איז דייַן וועלט, און ווי גרויס.

טרינק זיך אָן פון דייַן אייגענעם קוואַל,
פיל ווי ס׳דערפרישט דייַנע גלידער,
ווי עס רינט, ווי עס זונט דורך די אָדערן,
ווי עס גלאַנצן מיט פרייד אויף די אויגן,
און אָנגעפילט ס׳האַרץ ווערט מיט גלויבן.

גיי זיך דורך אין דייַן אייגענעם גאָרטן,
און אָטעם דעם ריח פון פלאַנצן.
זאַפּ דעם זאַפט פון דייַן פרוכט אין זיך אײַן,
פיל ווי ס׳פאַרשיכּורט דיך אייגענע בליִונג,
און קוועל אָן: עס איז דייַן, עס איז דייַן!

* * *

## דייַנע רייד

דייַנע שטילע רייד
שפּרייטן אויס אַ מילדקייט
אין דייַן טונקעלען צימער.
ווי קנאָספּן פֿול מיט לעבן
זענען זיי מיט שטרעבונג פֿול
צו פֿלאַטערן און שוועבן.

צומאָל צינדן זיך די רייד,
פֿאַרוואַנדלען זיך אין פֿאַרבן.
זיי שפּיגלען זיך, די פֿאַרבן
אויף סטעליע און אויף ווענט.

פֿאַרבלענדט נעמסטו זיי מישן,
און דו מאָלסט מיט פֿיבער
ביז זיי לעשן זיך.

* * *

# איך האָב ליב

איך האָב ליב צו הערן
ווי ס׳גיסט האָפּערדיק דער רעגן
ווי לאַנגע, דינע ריטער.

עס זאַפּט זיך איַין דער רעגן
אין דער האַרטער פוילער ערד,
וואַכט זי פּלוצעם אויף
און צעשפּרודלט זיך
מיט פלאַנצן און מיט פאַרבן.

איך האָב ליב צו הערן
ווי פון ווייַטן עכאָט
דער הפקרדיקער וואַסערפאַל.
עס קלינגט אין מייַנע אויערן
ווי אַ ווילד געלעכטער.

נאָר מער פון אַלצדינג האָב איך ליב
דערהערן און דערפילן
ווי ס׳ציטערט אויף, וויברירט
דער קלאַנג וואָס דרימלט טיף אין מיר
און ראַנגלט זיך אַרויס.

* * *

# דו שוועבסט אום

דו שוועבסט אום אין די הייכן,
און די שטיקער שוים
פֿאַרוואַנדלסטו אין שיפֿלעך, פֿלייטן,
וואָס דיר נאָר געפֿעלט.
בלוי און פּערלדיק איז דײַן וועלט,
נאָר פּלוצעם פֿאַלט דיר אײַן
אַ צווייטנס הימל איז נאָך העכער.
ווערן אָפּהענטיק די פֿליגל,
און דו פֿאַלסט אַראָפּ,
אין אַ טיפֿן תּהום.

פֿון דײַן אוצר שטיינדלעך,
ליכטיקע, קאָלירטע,
בויסטו דיר אַ פּאַלאַץ אויף.
די שטיינער מורמלען, ווינקען,
ווערט אַ רעגנבויגן.
קוקסט און ווערסט פֿאַרשיכּורט.
פֿון אַלע זײַטן רופֿן פֿאַרבן.
גרויס איז דײַן עשירות.

נאָר פּלוצעם דאַכט זיך דיר
אַ צווייטנס שטיינדלעך פֿינקלען העלער —
פֿאַרשווינדט דער רעגנבויגן,
פֿון דײַן ווונדער־פּאַלאַץ
ווערט בלויז הוילע לופֿט.

* * *

# מיקלאַנדזשעלאָ

דו ווונדער־מענטש,
דו האָסט געמיינט
דו ביסט ניט ראוי
צו דיַין גרויסער שליחות.
ווי וואָלסט פאַר אַ תהום געשטאַנען,
אַזוי האָסטו געפילט.

נאָר ווען ס׳האָט אַ בליץ געטאָן
אַ ליכטיקער געדאַנק,
ביסטו געוואָרן פאַרוואַנדלט.
אַזוי ווי אַ שטורעם
האָט דיך דער דראַנג געטריבן
צו געטלעכער יצירה.
דעם פרילינג פון דיַין לעבן
האָסטו עס אָפּגעגעבן.

גרויסער געניוס, ווונדער־מענטש,
אין די ריזיקע פיגורן
וואָס האָסט ליגנדיק געמאָלן,
האָסטו אַריַינגעהויכט דיַין אָטעם
און דיַין טיפע גאַרונג
נאָך לויטערקייט און תמימות.

* * *

# אָלאָף פּאַלמע

מיט זיין לויטער ליכט
האָבן געליכטיקט אַלע שטיבלעך,
זיך פאַרפעסטיקט מיט זייַן קול.
העכער, שענער
זענען ביימער זיך צעוואַקסן,
ס׳האָט גערוט אויף זיי זייַן בליק.

נאָר ווען פלוצעם האָט אַ בייזע האַנט
זייַן לויטער ליכט פאַרלאָשן,
זענען אָפהענטיק געשטאַנען שטיבלעך.

ס׳האָט זיך יעדערער געטוליעט
צו זייַן אָפּשייַן,
דעם עכאָ פון זייַן קול,
און צו די שפּורן
פון זייַנע לעצטע טריט,
און אומעטום פאַרשפּרייט
בלומען, טרערן, ליבשאַפט...

* * *

# דער באַרג

דער באַרג אין דער בלויער ווײַט
איז אַ גרויער וואָלקן
וואָס תּמיד מיך באַגלייט.
מיר גייען זאַלבעצווייט.

נאָר הײַנט שטייט ער בײַ מײַן זײַט.
ווי שווער עס איז צו גלויבן
אז דאָס וואָס וויזיע איז געווען נאָר
איז הײַנט געוואָרן וואָר.

ס׳האָט אַ טויער זיך צעפּראַלט,
און אוצרות מיר אַנטפּלעקט.
האָט זיך אַ קוואַל אין מיר
פון פרייד איצט אויפגעוועקט.

טוייק־פריש דאָס גרינס,
און דערפרישט ווי זאַפט.
וואַכעדיק און ברייט
דער בוים די צווײַגן שפּרייט,
באַלאָדענע מיט בלעטער.

דאָס רוף — געזאַנג פון פייגל
וואָס וועקט דעם זונאויפגאַנג,
עכאָט אומעטום.

פאַרשײַט כאַפּט זיך אויף דער ווינט,
און נעמט האַסטיק בלאָזן.
ער ציט מיט מיט זיך
די ביימער און די גראָזן,
און אײַלט מיך אויף די וועגן.
פליגלדיק און גרינג
שוועב איך אַלץ העכער, העכער.

* * *

# דאָס שטעטל

איך שפּאַן אַדורך דאָס שטעטל
בנעימותדיק, אַליין.
ס׳איז אַלץ דאָ אַזוי קליין.
איינזאַם שטייען שטיבלעך
באַחנט פון דער זון
אַז ס׳גלוסט זיך שפּילן מיט זיי אום.

אָט ווייַזט זיך אַ קרעמל
מיט כל־טוב, נאָר פאַרטראַכט.
ס׳קומט קיינער ניט אַריין, עס דאַכט.

און אָט, ניט ווייַט דערבייַ,
ציט זיך מיט שטאָלץ אַלץ העכער,
אַ בנין, אַן אויסנאַם,
מיט יחסנים דרייַ.
כ׳רעכן זיי אויס אין דער ריי:
די ביבליאָטעק, די פייַער־סטאַנציע,
און די פּאָליציי.
ס׳איז באמת אינטערעסאַנט
ווי זיי האַלטן זיך ביינאַנד.

און אָט שטייט די קינדערשול
וואָס איז אַזוי מיט צימערן פול.
עס דרעמלען אירע פענצטער,
און מיט זיי דער גאָרטן.

די קינדערלעך, די שוועלבעלעך,
אַוועק ערגעץ־ווּ,
און געלאָזט נאָר רו.

נאָר דאָ דערמאָן איך זיך
אין מײַנע פעלדער, סאָסנעס.
פּלוצעם ווערט דאָס שטעטל
ווי אַ האָרב מיר שווּער,
און מיט יעדער רגע שווערער.

כ׳זוך עס אָפּשאָקלען.
כ׳אײַל זיך דורך די געסלעך —
און בלײַב פּלוצעם שטיין צעהעלט
אויף אַ הוילן, גרינעם פעלד...
איך מורמל צו זיך שטיל אַ תּפילה...

* * *

# דער רײַטער

מיטן האָפּערדיקן ווינט
פּליט ער, קרײַזט ער אום די בערג.
באַקאַנט זענען אים, נאָענט,
די בערג דאָ מיט די טאָלן
ער קומט צו גאַסט דאָ אָפּט
איך די פּרימאָרגן שעהען.

ווי ער שטײַגט אַלץ העכער
פּילט אַלץ מער דער רײַטער
ווי ס׳וואַקסט אין אים די גבורה,
און אַרום אים דער ווונדער.

דאָס געצערטלט פערד וויברירט
צו זײַן יעדן ריר.
אינעם גלי פון פּראָסט
וואַלט זיך זײַן אָטעם,
וויקלט, וואַרעמט אים.

מיט די אויסגעשטרעקטע פיס
גליטשט ער אויס אַ וועג
אין דער בלויער לופט.

פונעם לויטערן הימל,
פון די שוועבנדיקע בערג
וואָס זענען איצט מיט שניי באַקליידט,
ווייט אַ פרייד, אַ ליבשאַפט — פרייד.

* * *

# דער קיבוץ

(לזכרון מיַין פעטער
פנחס זאַלץ ע״ה)

אַזאַ גאָרטן איז דער קיבוץ
ווו ס'וואַקסן ביימער, פרות,
אויך קאָרן, און אויך ווייץ,
און אויך קינדערלעך דאָרט וואַקסן
מיט אַ באַזונדערן חן.

שטיבלעך שטייען אָפּגערוקט,
עטלעכע אין אַ ריי,
זיי טונקען זיך אין גראָזן, פלאַנצן,
ווי נאָר אַ טייל פון זיי.

מיט אַקערן און זייען,
מיט פאַשן בהמות, פי,
און נאָך און נאָך פיל זאַכן
איז מען פאַרנומען דאָ
פון גאַנץ פרי אַ סך שעה.

ווען ס'הייבט דער טאָג אָן טונקלען,
און ס'ציט דער ערד צו רוען,
וואַכן פלוצעם אויף די וועגן,
קרייַצן זיך און דרייען,
לויפן יעדערן אַנטקעגן.

שטאַמיק פעסט און גבורהדיק
ווי גייענדיקע ביימער.
זענען חלוצים־געשטאַלטן.

פול ווערט די לופט מיט קלאַנגען,
זיי צעטראָגט דער ווינט ווי זאַנגען.
עס ציטערט אויף דער קיבוץ,
אַלע גראָזן, אלע בלומען
דרייען זיך און פרייען:
חלוצים אַהער גייען.
חלוצים אַהער גייען.

# דער שומר

עס קאָרטשעט זיך די ערד,
דער שומר הילט זי איַין.
איַינגעפּעסטיקט שטייט ער,
אַ הויכער, ברייטער מויער.

אינעם טיפן חושך
איז ער אַן אינו־ניראה.
שפּיזיק בייגט זיך איַין
יעדער צווייַג און גרעזל
אַהין אין יענער זייַט
וווּ ס׳לויערט דער שונא אום.

אָט ווייַזט זיך אַ ליכט־שטרייַף,
עס איז דער בליק פון שונא.
און אַ שאָרך דערהערט זיך,
דאָס מאַכט ער זייַנע טריט.

אַלץ מערער קאָרטשעט זיך די ערד,
דער שומר הילט זי, הילט זי איַין.

* * *

מרים קראַנט

# שנאה-פײַער

שנאה, שטיקער פײַער
יאָגן זיך דורך הייכן,
אונדזער חלום־לאַנד
זוכן צו דערגרייכן.

ווי נאָר זיי דערנענטערן זיך
ווערן זיי אַלץ טונקעלער
ביז זיי פאַרוואַנדלט ווערן
אין שטילע, מילדע שטערן.

דאָ, אין חומש־לאַנד
האָבן אבות אומגעשפּאַנט.
אַלע זעמדעלעך דערציילן
פון נסים און רמזים.

דאָ איז דער הימל נאָענט,
עס לײַכט פון אים בטחון.
ער בייגט זיך ווי אַ פֿאַרמעט איַין,
מע זאָל באַהיט, באַשירעמט זײַן.

# דו, סאַברע

פון אַלע עקן רופן עכאָס:
ביסט אַ טייל פון אונדז.
הימל, באַרג און טײַך
שפּיגלען זיך אין דיר.
מיט בליונג־חן פון פעלד
זוניקט דײַן געזיכט.

אַזוי ווי סנאָפּעס היי,
אַזוי ווי זונענשטראַלן
זענען סאברע־האָר.
ס׳האָט די זון געפורעמט,
געשטאַלטיקט דײַנע אָרעמס.

שטאַמיק איז דײַן לײַב,
ס׳האָט אין זיך אײַנגעזויגן
די מילדקייט און די גבורה
פון דער שפּעדיקער ערד.

* * *

# דאָס בריוועלע

אַ בריוועלע פון ווײַטן לאַנד
איז אַהערגעפלויגן.
עס איז געווען באַצויגן
מיט אַ גרויען שלייער,
האָט זיך מיר געדאַכט.

דער שלײַער מיט זיין גרויקייט
פאַרטונקלט האָט מיין בליק.
האָב איך אין דמיון עס צעפּליקט.
נאָר ס׳איז אַלץ זײַן שאָטן
אויף דעם בריוועלע געבליבן.

פון אַיעדן וואָרט,
האָב איך מיט מײַנע אויגן
אומעט אײַנגעזאַפּט.
— מײַן טײַערע און ליבע,
שרײַבן איז מיר שווער,
נאָר כ׳קען דיך נישט אויפהאַלטן מער.

דער שונא איז באַפאַלן בײַנאַכט,
און פיל שאָדן אָנגעמאַכט.
אויף אַ שלאַכט איז פאָרגעקומען,
נאָר צה״ל איז זיי בײַגעקומען.

נישטאָ אַלץ קיין רו, כ׳באַדויער
וואָס כ׳פאַרשאַף דיר ווידער טרויער.
זײַ נאָר געזונט און שרײַב, איך קלער
ס׳איז די ווײַטקייט אַזאַ שטער.

אַלץ טונקעלער ווערט דער שאָטן
אויפן בייגעלע פּאַפּיר,
שפּרייט זיך אויס אויף אַלץ ארום,
לויערט אין די ווינקלען שטום,
און טריפט, און טריפט
אין מיר אַרײַן.

# פאַרלאָרענע חברים

פון אַלע זייַטן קומען בשורות,
קלינגען אויס דייַן נאָמען,
זינגען אויס דייַן רום.
דו, סאברע, האָסט אַ נס באַוויזן:
פון וועלפישע ציין האָסטו
אַ לאַם אַרויסגעריסן.

נאָר דו שטייסט אין אַ ווינקל,
פאַרביי דיר מאַרשירן
געשטאַלטן אין די רייען.
פאָלגסט נאָך, מאַרשירסט מיט זיי,
נאָר בלייַבסט פלוצעם אַליין,
פילסט הוילקייט אַרום דיר.

פאַרשאָטנט און פאַרטונקלט
זוכסטו מיט די אויגן אום...

* * *

# שוועסטער מײַנע

איך שיק דיר בילדער, טײַערע,
פון אייניקלעך וואָס קומען
איינס נאָך איינס ווי בלומען,
און האַלטן אונז מיט פרייד פאַרנומען.

און שוועסטער, שטעל דיר פאָר,
ס׳האָט גערעגנט אַ סך דאָס יאָר.
(רעגנס, דאָס זענען דאָך ברכות),
און אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרפלאַנצט אָט דאָ,
האָט אויפגעבליט אין אַ גוטער שעה.
כ׳ווייס, ס׳וועט דיך פרייען דאָס צו הערן,
און איך דערצייל עס דיר זייער גערן.

נאָר דיר דאַרף מען נישט דערקלערן
וועגן דעם מצב דאָ דעם שווערן —
אַז פון אומעטום
צישעט שנאה, פײַער
אײַנצושלינגען און צעשטערן
אַלץ וואָס איז אונדז טײַער.

בעט איך גאָט יעדן טאָג
ער זאָל אונדז אויסדויער געבן,
מיר זאָלן זוכה זײַן
צו קענען אויפנעמען
אַלע פריידן פונעם לעבן.

* * *

# אַ שאטן

אינעם חושך פוּן דער נאַכט
שלײַכט זיך א שאטן אויפן פענצטער,
אַ שאָטן ווי א שטרייף.
פארטונקלט ווערט דאס שטיבל,
וואַך צו יעדן שאָרך.

און די קייטן בערג ארום
אָטעמען מיט אימה,
שליסן זיך צוזאמען,
און עס ווערט א מויער.

עס בינטלען זיך די צווייגן,
שנײַדן זיך אין לופט אַרײַן —
גראָבע, פעסטע, ריטער.
און די גראָזן שפּרינגען אויף,
ווי די נאָדלען שפּיציק.
האַסטיק שפּיזט לבנה
מיט איר שטעכיק ליכט.

מיט פּחד פליט דער שאָטן
איבער פלויטן, פעלדער.
נאָר ס׳בלײַבט אַלץ אַ שפּור,
אַן אימהדיקער שפּור.

* * *

# צו בלי

פּיילן, שאַרפֿע נאָדלען,
פֿליִען אין געיעג,
פֿאַלן אויף צעיונגטער ערד,
זוכן איר דורכשטעכן
ביזן אינגעווייד.

נאָר זי פֿאַרפֿאַנצערט זיך,
טעמפּ ווערן די פּיילן,
און זיי שפּרינגען אָפּ.

עס צאַפּלט אויף צוריק מײַן ערד,
באַפֿרייט זיך פֿונעם פּאַנצער,
און ווידער ציט זי זיך
צו זון צו רעגן, און צו בלי.

* * *

# אַן אַלטער בוים אין ישראל

אים ציט ניט צו די הייכן,
נאָר צו די ברייטע שטחים.
צו אַלע זײַטן שטרעקן זיך
זײַנע לאַנגע צווײַגן
צו הילן און צו שיצן.

אַלץ פעסטער און אַלץ טיפער
אינעם באָדן דרינגט ער,
זיך מיט זײַן גוטסקייט נערן,
און זײַן חלום הערן.

דאָ האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט
אין שטילן סוד געלײַטערט.
אַ נדר געטאָן האָט ער
אויף דורות זײַן אַ היטער.

* * *

# מייַן מאַמע־ערד

דו ביסט מייַן מאַמע־ערד,
און איך בין דייַן קינד.
איך וועל זייַן דייַן מויער,
איך וועל דיך באַשיצן
פון ציטער און פון אימה.

כ׳וויל אויף מייַן לייַב דערפילן
אַלע פייַלן, ווונדן,
נאָר דו, מייַן ערד, זאָלסט בלייַבן גאַנץ.

נעם צו מייַן לעבן, עס איז דייַנס,
זאָל עס דייַן אָטעם שטאַרקן.
אָ, גאָט, מאַך סאָוועדיק מייַן אויג,
און אָדלערדיק מייַן פלי.

און אויב ס׳איז מיר באַשערט,
זאָל מייַן יונג און וואַרעם בלוט
באַזאַפטן דייַנע פעלדער,
און אויפגיין פון דאָס נייַ
אינעם ווונדער־בלי
פון דייַנעביימער, גראָזן.

* * *

# צפת

האָסט זיך אָפּגעזונדערט,
ערגעץ זיך פאַרקליבן
אויפן שפּיץ פון פעלדזן,
אַלץ נעענטער זײַן צו הימלען,
זיך מתיחד זיין
אין שכינה־ספער.

די צעפלאַמטע זון
שײַנט דאָ פּאָרכטיק, פרום.
מיט גלאַנץ פון אַטלעס, סאַמעט,
יומטובן די טעג.
סודות, ווײַסע טויבן
ציטערן אין לופטן.

* * *

# די פליער

זיי פליען, קרייַזן אום
די צעגרינטע ערד.
עס שטעלט זיך אויף אַ טורעם
ריזיק ביז די וואָלקנס,
און רינגלט פעסט אַרום
די ציטערדיקע ערד.

עס ווערט אַרום דעם מויער
אימהדיקער חושך.
אַ בלינדער פאַלט דער שונא
אין דער געדיכטער נעץ.

נאָר פון אינעווייניק
טריפט בלויער גנאָד פון הימל,
און אַלצדינג שטראַאַלט פון זיך
אַ גאָלדיק, רויק ליכט.

* * *

# מייַן ערד

אַרום דער קליינער ערד,
דער צעצוויטער ערד,
דראַפּעט זיך אַ שלאַנג,
קלאַמערט זיך און שטיקט,
צישעט מיט איר סם.
זי זשטעכט, און עס שפּריצט בלוט.

די ערד, די קליינע ערד
שטראַלט אויס פֿון זיך ליכט.
דאָס ליכט פאַרבלענדט די שלאנג.
אין פּחד שרומפּט זי איין.
זי פאַלט, אַ בלויזע שנור.

* * *

# גאַסן אין ישראל

„מיר וועלן זיך טרעפן אויף מענדעלע גאַס,"
הער איך עמעצן זאָגן.
ווי גליקלעך קלינגען די ווערטער.

מענדעלע, פּרץ, ביאַליק,
נעמען פון אונדזערע שרייבער
אויף אונדזערע אייגענע גאַסן.
ברכות זענען זיי.
ווער ס׳רעדט זיי נאָר אַרויס,
פילט זיך געבענטשט מיט זיי.

מענדעלע, פּרץ, ביאליק,
אונדזערע נײַע נביאים.
אַזוי ווי אַ טלית
שפּרייט זיך אויס זייער גײַסט
איבער יעדן יידן,
און פון סכנה היט.

* * *

# מאַראַנצן — ביימלעך

(אין נהריה)

דאָ, אינעם שטילן געסל,
נישט ווײַט פונעם ים,
שטייען די מאַראַנצן־ביימלעך,
אַלע אין אַ ריי.
מיט פוצן און מיט וואַקסן
פאַרנומען זענען זיי.

מיט זון און פאַרב זיי גליען,
און אין יעדערנס געזיכט זיי בליען.
צום טרינקען און צום קוועלן
איז די פרידיקע לופט.
מיט זייַנע בשמים־ריחות
דער ווינט אַהער נאָר רופט.

עס דרייען זיך די ביימלעך,
און זיי שפּיגלען זיך
אין די באַרוישטע פענצטער,
און דערציילן אָן אַ קול
וועגן וווּנדער אָן אַ צאָל.

* * *

# אַן אָאַזיס פון רו

דאָ, פון שפּיץ פון הר הכּרמל
האָט זיך דער ים התּיכון
פּלוצעם פאַר מיר אַנטפּלעקט
ווי אַ ווונדער־פּאַנאָראַמע
פון הימל און פון ים.

ווייַט איז עס פון דאַנעט,
דאָך אַזוי בולט, קלאָר.
ווייַדיק, גלאַנציק איז דאָס וואַסער,
ס'שפּרינגען טראָפּנס ליכט אַנטקעגן.

שיפן שטייען שטיל
ווי קאָלירטע שלעסער,
מורמלען מיט זייער שיינקייט,
פרייען זיך מיט זיך.

פון אומעטום ווי בשורות
שוועבן מעוועס אום,
שפּרייטן אויס אַ רו.
איך קוק און שטוין און גאַף —
אַן אָאַזיס פון שלוה, רו
האָב איך הייַנט אַנטדעקט.

* * *

# די מאַמע קומט אָן אין ישראל

איבער בערג און ימען
האָסטו אומגעשוועבט,
ביז דו האָסט דערגרייכט אַהער
צו אונדזער טיפן הימל.

אָט שטייַגסטו אַראָפּ פון די הייכן,
עס כוואַליעט זיך דייַן מאַנטל,
עס ווינטלען דייַנע האָר.
מיר שלינגען אייַן דעם שטח
וואָס טיילט אונדז אָפּ פון דיר.
אונדזערע ווייַטע בליקן
רינגלען דיך אַרום,
רעדן זיך דורך מיט דיר.

זע, מאַמע:
אַלע בערג און טאָלן
קומען דיר אַנטקעגן.
מעוועס קרייַזן דאָ אַרום,
פלאַטערן אויס אַ פרייד.
עס האָט הייַנט דער טאָג
זיך בשורהדיק צעהעלט,
ציטערן אין לופט דימענטן.

* * *

# דו ביסט צוריקגעקומען

אַ צעבליטער בוים ביסטו,
אָנגעזאַפּט מיט זאַפטיק לעבן.
כ׳קוק נאָך, כ׳נעם אין זיך אַריַין
דיַינע צעשטראַלטע בליקן, תּנועות

כאָטש ביסט שוין וויַיט פון דאָרט,
ווייט נאָך אַלץ אַרום דיר
דער אָטעם פון די פעלדער, סעדער
וואָס פאַרבן אָפּ די לופט
פון יענעם כּישוף־לאַנד.

אין דמיון שוועבן בילדער
פון בערג און טאָלן, טיַיכן,
וווּ דו וואַנדערסט אום
פאַרכּישופט און פאַרבלענדט
אינעם אבות־לאַנד.

כ׳גיי מיט מיט דיר
אין דיַינע וואַנדערונגען,
און פיל ווי דו פאַרבלענדט
פון דיַינע זעונגען.

* * *

# בערג

בערג שפּיציקע, רונדיקע,
ברייט־פּלייציקע,
בערג צעקרײַזלטע און
צעשויבערטע,
הייבן זיך, און טוליען זיך
איינער אינעם אַנדערן,
אָדער נעמען זיך אָן
פֿאַר די הענט,
און טאַנצן אַ קאַראַהאָד.
די בערג רינגלען אַרום
מײַן דערפֿל
ווי אַ גיגאַנטישער קראַנץ
פֿון בלומען.

אינעם ווײַטן טומאַן
שטייען זיי ווי לופֿט־שלעסער.
דאָ איז וווּנדערלאַנד.
דאָס האָבן זיי אויסגעשפּרייט
זייער כּישוף
איבערן גאַנצן אַרום.

* * *

# עס איז קיין זאַך ניט שטום

איבערן באַרג און אינעם טאָל
הער איך קלאַנגען אָן אַ צאָל.
עס דאַכט זיך אַז עס איז גאַנץ שטיל,
נאָר אָט צעפּיַיפּט זיך דאָ די גריל.
שלעפעריק ברומט אין פעלד די קו,
עס זשומט די בין און זאַמט זיך ווו.
און די גענדז אין בלויען טיַיך,
קוואַקען שטאָלץ אוּן שווימען גליַיך.
עס רוישט דער ווינט צווישן די בלעטער,
זאָגט צו ווידער קומען שפּעטער.
פייגל רופן, שוועבן אום.
ניין, עס איז קיין זאַך ניט שטום.

* * *

# ליכט און פרייד

ליכטיק העלע זונענשייַן
אונדזער גאַנצע ערד הילט אייַן.
אַלצדינג. וואָס דאָס ליכט באַרירט
מיט לעבן גלייַך וויברירט.

ס'פלאַטערט די פרייד איבעראַל —
אינעם רוישן פונעם קוואַל,
אינעם לויפן פון דער האָז
וואָס זוכט און כאַפּט אויף
שפּייַז אין גראָז,
אינעם פייגעלע וואָס רופט,
און פליט הין און הער אין לופט,
אינעם בוים און אין דער רויז
וואָס שפּאַרן פון דער ערד אַרויס.
אינעם פלאַפּלען פונעם קינד
וואָס שפּרינגט אַרום אין פעלד אַצינד.
ליכטיק, העלע זונענשייַן
אונדזער גאַנצע ערד הילט אייַן.

* * *

# ערב פּסח

פון פרילינג־שײַן פֿאַרבלענדט
בין איך דאָ אַרײַן.
דער אַראָמאַט פון פּסח
וואָס דרינגט דורך אַלע ווענט
האָט מיך באַלד געפֿאַנגען.

ווי האָסטו, מאַמע, אַזוי שנעל
דעם יום־טוב אָנגעגרייט?
פרעג איך און איך קוועל.
— כ׳האָב מײַן קינד, געפעדערט זיך,
ווייט פון איר אַ פרייד.

אַ פרישע בלעך איז אויסגעשפרייט
אויפן ווײַסן אויוון.
אונטערן טישטוך ליגט קאַרטאָן.
דאָס האָט דער קלוגער טאַטע
אַזוי געשיקט געטאָן,
אז מען זעט דעם חמץ
אין ערגעץ מער נישט אָן.

די נײַע פרילינג־זון
צעגלאַנצט זיך אַזוי ברייט
איבער טיש און ווענט,
און זאָגט צו נאָר פרייד און פרייד.

* * *

# מיטן טאַטן בײַם סדר

ווי חסידים מיט אַ רבין
זענען מיר געזעסן
פאַרטיפט אין דער הגדה.
דו האָסט אָפט זיך אָפּגעשטעלט,
אויסגעטײַטשט, אַרײַנגעקלערט,
מיר האָבן ווי חסידים
שטיל זיך צוגעהערט.

מיט אַ באַזונדערן פסח־טעם,
און אויך מיט באַטײַט,
איז געווען די סעודה
וואָס מאַמע האָט צוגעגרייט.

מיט דיר דעם בעל־מנגן,
האָט זיך די שטוב צעקלונגען,
און אָנגעפילט מיט פּראַכט
די גאַנצע לאַנגע נאַכט.

און אַז אליהו איז אַרײַן,
האָבן מיר קלאָר געזען
ווי ס׳האָט זיך פאַרמינערט דער ווײַן.

מיט דײַן הדרת־פּנים
איז דער טיש געווען באַשײַנט,
און מיר, דײַנע חסידים,
האָבן זיך געלײַטערט אין דײַן שײַן.

* * *

# מיר ווען עסן היינט צוזאַמען

בלינד און שטום זעט אויס די שטוב,
דאָך קלאַפּ איך אָן אין טיר.
עס צינדן זיך גלייַך אָן די ליכט,
עס ציטערן אין מיר די טריט.

עס עפנט זיך די טיר,
און אויפן הענטל רוט
דעם טאַטנס מילדע האַנט.

— דו ביסט דאָך דאָ! טאָ קום אַרייַן.
מיר וועלן עסן היינט צוזאַמען.
איך אייַל זיך אַרייַן אין קיך
און פרייַ זיך מיט דער מאַמען.

דער טאַטע שפּאַסט, כּסדר רעדט.
עס גיסט אַ טייַך זיך איבער ברעגן.
איך קוק זיך אייַן אין זייַן געזיכט,
און קריץ עס אייַן אין האַרץ בייַ מיר.

איך זיץ און כ׳הער זיך צו
ווי צום רוישן פון אַ קוואַל.
דאָס רעדט ער נישט, ער זינגט.
עס זינגט פון אים אַ פרייד.

* * *

# קראַנקער טאַטע

וואָס האָט עס אַזאַ לײַכט געטאָן
אַז ס׳פרייט זיך יעדערער, קוועלט אָן,
אַז די ביימער מיטן ווינט
וואַרפן זיך און טאַנצן?
אַז פול מיט בשורות איז די לופט,
און מיט ליבשאַפט יעדער רופט,
אַז וואָלקנס פוכיק ווײַס און געל
זעלטן שײַנען אַזוי העל?

וואָס האָט עס געטאָן אַזאַ שטראַל
אַז די וועלט האָט זיך צעפּראַלט,
אַז פענצטער האָבן זיך צעעפנט,
און ס׳פליען אַרײַן און אַרויס
פייגעלעך פון יעדן הויז?
אַז יעדער טראָט וואָס נאָר מען מאַכט
ווי מען זאָל אומשוועבן, עס דאַכט.

— איך ווייס פון וואַן עס קומט דאָס ליכט.
ס׳האָט זיך צעשמייכלט דײַן געזיכט.

* * *

# דיַין שמייכל

דיַין שמייכל איז אַ ראַנד פון גאָלד
אין אַלע מיַינע טעג.
עס איז דאָס ליכט אין מיַינע אויגן,
דער קלאַנג אין מיַינע רייד.

עס איז אַ פאָדעם גאָלד,
כ׳דערפיל עס אויף מיַין לײַב,
ווי עס ליכטיקט, ווי עס זוניקט
אַלע מיַינע גלידער.
עס איז דער לבנה־האָרן
וואָס האַלט געפאַנגען מיט זיַין חן
אין חושך פון דער נאַכט,
און שנירלט זיך אין האַרץ אַריַין
ווי אַ זונענשטראַל.

* * *

# פרייד

עס האָבן זיך צעציטערט דיַינע וויעס,
עס האָבן זיך צעזונגען דיַינע תנועות,
עס האָט געקווועלט פון דיר געלעכטער,
ס׳זענען פלאַפּלענדיק געווען דיַינע רייד —
שפּילעוודיקע קלאַנגען,
ווען אָנגעפּילט, צעליכטיקט
זענען דיַינע הענט געווען — מיט פרייד!

* * *

# ווי ווייל וואָלט עס געווען

ווען מיט בלויז אַ שפּרוך
וואָלסטו ווי אַ הירש
דייַנע פּיס געהויבן,
און אומגעשוועבט אין גאַנג —
ווי ווייל וואָלט עס געווען.

ווען עס וואָלט דיין אָטעם
דייַן מיד לייַב וויברירט
מיט אַלע בענקשאַפטן, חלומות —
ווי ווייל וואָלט עס געווען.

ווען די געסעלעך אַרום
וואָלטן אין דיין שטיבל
אַרייַנגעעכאָט זייערע קלאַנגען,
עס צעוואַרעמט און צעשייַנט —
ווי ווייל וואָלט עס געווען.

ווען עס וואָלט דער הימל
אין דיר אַרייַנגעהעלט זייַן בלוי,
און גרויס און ברייט דייַן וועלט געמאַכט —
ווי ווייל, ווי ווייל וואָלט עס געווען.

* * *

# דער וועג

מיטגעוויגט האָט זיך דער וועג
צו דעם ניגון פונעם ליד
וואָס האָט אין מיר געזונגען
אויפן וועג צו דיר.

ס׳האָבן ביימער זיך צערוקט,
אַלץ העכער איז געוואָרן דער הימל,
אַ גרויסע, ברייטע וועלט
האָט אין מיר געהעלט.
אַזאַ טאָג איז עס געווען
אויף מײַן וועג צו דיר.

מיט פולע קוישן ליכט
בין איך צו דיר אַריין,
און יעדעס ווינקל אָנגעפילט
מיט דעם גאָלדן ליכט.

כ׳האָב זיך צוגעזעצט צו דיר,
און זיך געפילט געבענטשט
פון דײַן תמימותדיק געזיכט,
און דײַנע שטילע רייד.

* * *

# דער דאָקטער

ס׳האָט דאָס גלעקל זיך צעקלונגען,
ברייט האָט זיך די טיר צעעפנט.
די בשורה האָט פאָרויסגעפלאַטערט:
דער דאָקטער איז געקומען.

מיט אַ שפּרינגענדיקן טראַט
איז ער אין שטוב אַרײַן.
זײַנע רייד צום חולה
וואָס האָבן אים צעאָטעמט,
זענען קערנדלעך פרייד געווען.
(דער חולה האָט זיך אויפגעזעצט.)
מיט זײַנע שפּילצײַג־מכשירים
האָט ער זײַן לײַב געגלעט.

און אַז ער איז אַוועק,
האָט ער אין זײַן רענצל
אַלע ווייען מיטגענומען.
געבליבן איז די שטוב
אַ בליענדיקער גאָרטן.

* * *

# אונדזער קלוגער טאַטע

פאַרשייַט פליט אום דער ווינטערווינט
אין אַ הוילער וועלט.
אויף אַלע וועגן קלייַבט ער
שטילע ווייען, זיפצן.
אין דער שרעקיקער נאַכט
ווײנט ער זיי אַרייַן·
אַלץ שווערער ווערט די משא.
מאָנט ער און ער ליאַרעמט
מיטן גאַנצן כּוח
אין געדיכטן חושך.

אין אַזאַ וויסטער נאַכט אַ מאָל
איז פּלוצעם פאַרשוווּנדן
אונדזער קלוגער טאַטע.

ס׳האָט דער ווינט געוואויעט
פול מיט ווונד און צאָרן,
און האָט אומגעזוכט
דעם געהיימען וועג
אויף וועלכן אונדזער טאַטע
מיט אַלע זייַנע פּסוקים, מעשיות —
ווי אַ העלער מילכוועג —
איז אַזוי פּלוצעמדיק אַוועק.

* * *

# דער ווינט

אומרויִק וויעט דער ווינט:
"אַז ווײ איז מיר און ווינד!"
פֿאַרענדערט זעט איצט אויס די וועלט,
אַז איר גאַנצער כּישוף פֿעלט.
זי וואַקלט זיך, איז פֿעסט נישט מער,
סיקומט דער טאָג אָן מיד און שווער.

דער פֿויגל אין שרעק זיך באַהאַלט,
און דער ווערוויק אין זײַן שפּאַלט.
ביימער שטייען מאַט, אָן רו,
ס׳שלעפּט דער ווינט זיי ערגעץ ווו.

"אַז ווײ איז מיר און ווינד,"
וויעט אום דער ווינט.

* * *

# אָט זענען...

אָט זענען דײַנע ביידע שיך
מיט קנייטשן פון אַ שטערן,
פון דײַן יעדן טראָט באַהויכט,
מיט אומעט און מיט בענקשאַפט,
ווי ס׳האָט דײַן האַרץ געטליעט.

אָט ליגט דער שניפס דער נײַער
(דער מיט די בלויע שטרײַפן)
אויף דײַן ברוסט האָט ער געפלאַטערט,
דײַן געמיט געיומטובט.

און אָט הענגט דײַן לאַנגער מאַנטל,
די קעשענעס פול סודות,
מיט פּאָלעס אויסגעשפּרייט ווי פליגל
גרייט מיט דיר מיטשוועבן.

און דאָ איז דײַן ווײַסע העמד
וואָס האָט זיך צו דײַן לײַב געטוליעט,
פאַרנומען ס׳קלאַפּן פון דײַן האַרץ,
געווען מיט דיר ביחידות.

אָפּהענטיק, פאַרלאָרן,
פאַרבענקט נאָך דײַן באַריר,
קוקן זיי ערגעץ אין דער ווײַט.
זיי געהערן דאָ נישט מער...

* * *

# אַז דו ביסט מער נישטאָ

ס׳האָט אויפגעשײַנט די גאַנצע וועלט,
רויִק לײַכט דאָס גרינע פעלד.
אַלצדינג פינקלט, אַלצדינג קוועלט,
נאָר דײַן בליק אויף אַלצדינג פעלט.

באַלד וועט אַ שיף קומען צו פאָרן
פונעם ווײַטן האָריזאָנט.
ווער וועט דײַן גאַסט קומען אַנטקעגן
אַז וועסט נישט קומען צו די ברעגן?

ס׳צוויטשערן פייגל אויף דײַן ביימל,
רופן, וואַרטן זאָלסט אַרויס.
נאָר פאַרגליווערט שטייט דאָס שטיבל,
ס׳קומט קיינער נישט אַרײַן, אַרויס.

אינעווייניק קלאַפּן פענצטער, טירן,
טונקל זענען ווינקלען פיר.
ס׳שטיבל וויגט זיך אום אָן רו,
ס׳וויל קיין זאַך שטיין אויף זײַן אָרט מער.

פול מיט מעבל איז דאָס שטיבל,
דאָך דאַכט זיך עס איז לער.
פאַרשטאַרט איז דאָ די לופט און שטום.
דו ביסט נישטאָ דאָ מער.

* * *

# אָן קיין וויבריר

זונענשטראַלן פֿאַלן קרום,
עס איז טונקל אומעטום.
ברוכוואַרג פֿון אַ לעבן
וואַלגערט זיך אַרום.

קלאַנגען וואַנדערן אום, זיי ציט
צוריק צו זייער פֿאַרלאָרן ליד.
פֿונעם ספֿר יעדער אות
פֿליט אין לופֿטן אין כאַאָס.

ס׳דאַכט זיך אַז דער בוים, די רויז
זעען איצט נאָר קינסטלעך אויס,
אַזוי ווי פֿון גלאָז געמאַכט,
אָדער גאָר ווי אויסגעטראַכט.

מאַט שטייען זיי, אָן קיין וויבריר,
די וועלט האָט אָפּגעלעבט מיט דיר.

* * *

# כ׳בלאָנדזשע...

כ׳בלאָנדזשע אויף אַן אינדזל אום,
פוסט איז דאָ אַרום.
שטיל איז — קיינער רופט.
פאַרטויבט איז דאָ די לופט.

איך גיי דאָ, און איך גיי דאָרט,
און כ׳געפין זיך ניט קיין אָרט,
און איך פיל אַלץ מער און מער
ווי מיין טראָט ווערט בלייַיק, שווער.

קיין חיה, מענטש זע איך דאָ ניט,
אָן לעבן איז דאָס אָרט און וויסט.
ס׳איז אין גאַנצן זאַמד און שטיין,
און כ׳פיל איך בין פון שטיין אַליין.

עס דריקט אַראָפּ די רו אויף מיר,
אין אַ שטייַג בין איך, דאַכט מיר,
מיט פליגל איינגעפּרעסט,
איינגעקלאַמערט פעסט
פון דער רו אַרום מיר.
כ׳בין אַ געפאַנגענער פון איר.

* * *

## דייַנע ווייען

כ׳האָב אין זיך אַרייַנגעאָטעמט
אַלע דייַנע ווייען.
מיט מייַנע רייד געגלעט דיך,
און אייַנגעוויגט דייַן אומרו.

אין די ציטערדיקע נעבט
ווען האָסט רוען זיך געלייגט,
האָסטו תפילהדיק געבעטן
אַז געבענטשט זאָלסטו נאָר זייַן
מיט אַ נייַעם מאָרגן,
און אַז אַלע נאָענטע בליקן
זאָלסטו ווידער פילן.

* * *

## אַזוי היימיש

בשורהדיק ז׳געוועז דער וועג
וואָס האָט געפירט צו דיר.
נאָר אַז די הײַזער קוקן בלינד,
און די ביימער ווי פאַרשטאַרט,
און פאַרבענקט איז יעדער שטיין,
ווי קען איך אויף דעם וועג איצט גיין.

אַזוי היימיש מיר די גאַס,
יעדעס הויז און בוים,
אַזוי אייגן מיר דער וועג
וואָס האָט געפירט צו דיר.
נאָר ווי קען איך איצטער גיין אַהין
אַז וועסט נישט עפענען די טיר?

* * *

## דײַנע האַרבסט־טעג

פון דײַנע האַרבסט־טעג יעדע רגע
איז פאַר מיר געװעזן נס.
גאַנץ פרי מיטן מאָרגן־ליכט,
האָב איך שוין געזוכט די בשורה
אַז דײַן קול װעל איך דערהערן.

און אַלע יענע טעג
װאָס כ׳האָב פאַרפעלט און נישט דערפילט
די מילדקייט פון דײַן בליק,
װעלן אייביק פעלן.

* * *

## די שטערן

פאַרציטערט איז דײַן לײַב
אין דער שרעקיקער נאַכט.
װי אַ ים דער חושך
און אָן אַ סוף זײַן טיף.

דאָס קליין, פאַרגליװערט שטיבל
פאַרזונקען איז אין שטילקייט.
פון קאָרידאָר דער שײַן
גנבעט זיך אַרײַן,
דרייט זיך דאָ אַרום,
און ער שאָטנט אום.

די שטערן אינעם פענצטער
פינטלען דאָ אַרײַן,
שושקען אויס אַ תפילה,
און זיי האַלטן װאַך
די גאַנצע לאַנגע נאַכט.

* * *

# אַלצדינג, אַלץ דיך רופּט

די גאַס האָט זיך צעלויכטן
מיט אַ פרילינג־ליכט.
ווי קוואַל־וואַסער איז איצט די לופט.
אַלצדינג, אַלץ דיך רופט.

עס בייגט דער בוים זיך אײַן
כדי צו באַשיצן
זײַנע פײַכטע בלעטלעך,
און אַזאַ וווּנדערלעך געוועב
ווי ס׳איז דעם פויגלס נעסט,
און ער שטרעקט די אָרעמס אויס
אויפצונעמען זײַנע געסט.

נאָר דײַן אייגן שטיבל
שטייט אומגעדרייט, פאַרמאַכט,
אין זיך אַליין פאַרטראַכט.
דאָרט הערט מען ניט קיין שאָרך, קיין ריר,
קיין צאַפּל, קיין וויבריר.
דער אָטעם פונעם הויז
איז מיט דיר אַרויס.

נאָר ערגעץ אין אַ ווינקל
זוניקט נאָך און וואַרעמט
די דינקייט און די מילדקייט
פון דײַנע לעצטע רייד.

* * *

# כ׳וויל זיך דערמאָנען

כ׳וויל זיך דערמאָנען דייַנע רייד,
דייַנע מינעס, תנועות.
כ׳וויל זען דייַן יעדן דריי און קער,
דיין קול ווידער דערהערן.
כ׳וויל דיך צום לעבן צוריק אומקערן.

גאַנץ אָפּט טראַכט איך זיך,
אַז איך בין גאָרנישט איך.
איך בין נאָר גייַסט ווי דו,
און איך געהער ווי דו
אין אַ ספער פון רו.

דאָס בין איך נאָר פאַרשטעלט,
און פרעמד ווערט מיר די וועלט.
אַ גאַסט בין איך דאָ אויף אַ ווייַל,
און דו וואַרטסט אויף מיר,
אַז קומען כ׳זאָל צו דיר.

* * *

# גייַסטער

גייַסטער דרייען זיך אַרום,
כ׳קוק זיך גאַנץ אָפּט אויף זיי אום.
זיי שטרעקן אויס צו מיר אַ האַנט,
זיי זענען מיר אַזוי באַקאַנט
מיט זייער טראָט, זייער קער.

כ׳דערנענטער זיך צו זיי אַלץ מער
מיט שרעק זיי זאָלן נישט אַוועק.
הייבן זיי אָן בלאַסער ווערן,
זע איך שוין בלויז סילועטן,
אָט ווערט פון יעדערן אַ נול - - -

עס מוז זייַן אַזאַ מין גבול
וואָס מען טאָר נישט איבערטרעטן.
אַזאַ צאַם איז דאָס, עס דאַכט,
וואָס די וועלט נאָר קלענער מאַכט.

* * *

# ביסט דאָ, ביסט דאָ מיט מיר

צאַרטער זענען גראָזן,
דינער זענען צווייגן,
פאַרבן ציטערן אין ווינט,
ביסט דאָ, ביסט דאָ מיט מיר.

ס׳טוליעט ס׳טײַכל זיך צום ברעג
הכנעהדיק און מילד.
זאַפטיק איז די לופט
מיט אַראָמאַט פון פלאַנצן.
אין תמימותדיקער שטילקייט
איז אַלץ אײַנגעהילט.
ביסט דאָ, ביסט דאָ מיט מיר.

שטיל רײַט פאַרבײַ א ווינטל,
צערטלט עס און גלעט.
טוייִק טריפט דער רעגן,
שושקעט שטיל אין אויער:
ביסט דאָ, ביסט דאָ מיט מיר.

* * *

# וואָס וועסטו מיר ברענגען?

וואָס וועסטו מיר ברענגען
אַז וועסט צוריקקומען, זאָג נאָר?
אפשר אַ שנירל קרעלן
צי אַ לענטע פאַר די האָר?

און אפשר וועסטו ברענגען
אַ שפּילקעלע אַ קליינס,
און אפשר גאָר אַ רינגל
אַ גאָלדנס און אַ שיינס?

וואָס דו זאָלסט נישט ברענגען
וועל איך זיך מיט דעם פרייען.
עס וועט אָטעמען מיט דיר,
עס וועט האָבן דייַן באַריר.

* * *

# הער

הער ווי דער פויגל טרעלט און טרעלט
ווען זיין נעסט ער בויט.
ער זינגט זײַן ליבשאַפט אויס.

עס שאָקלען זיך די ביימער,
רוישן צו בציבור.
עס ציען זיך די צווײַגן־פינגער
צו גלעטן און באַרירן.

עס שפּרינגט אויף דאָס טײַכל
מיט גלאַנציק־זילבער שוים.
זוניק קלאָר דער האָריזאָנט,
און ער ווינקט אַהער.

די ווײַטע בערג דערנענטערן זיך,
הערן זיך וואַכיק צו,
און דאָס גאָלדיק־בלוי פון אויבן
מיניעט זיך, און מורמלט צו.

* * *

## ליבשאַפּט

כ׳וויקל אַרום האַלדז די ליבשאַפּט,
ס׳איז אַ שנירל קרעלן.
מיניעט זיך אַ רעגן־בויגן
און פֿאַרבלענדט די אויגן.

כ׳טראַג די ליבשאַפּט אויף דער האַנט,
ס׳איז אַ כּישוף־רינגל.
אין אַ כּישוף־וועלט לעב איך,
כ׳טאַנץ און זינג צו זיך.

כ׳טראָג די ליבשאַפּט אין די האָר,
ס׳איז אַ בלויע לענטע.
לײַכט מײַן פּנים פֿול מיט חן,
און אויף אַלץ אַרום מיר
רוט אויך אַזאַ חן.

כ׳טראָג די ליבשאַפּט אום אויף זיך,
עס איז אַ קמיע.
פֿון אַ בייז אויג פֿאַרהיט עס מיך,
און אין שרעק פֿאַרגעס איך.

* * *

# אַ בריוועלע

איך שרײַב צו דיר אַ בריוועלע,
מיין ליבער, מיין באַשערטער.
איך שרײַב צו דיר אַ בריוועלע,
און כ׳האָב דערצו קיין ווערטער.

פרעמד זענען מיר די וועגן
וווּ מיר פלעגן שפּאַצירן.
דאָרט רעדן צו מיר מער ניט
די גראָזן מיט די בלומען.

כ׳טראָג דעם סוד אין האַרצן אום,
און כ׳גיי אַרום פאַרשלאָסן, שטום.
די וועלט איז מיר געוואָרן קליין.
אָן דיר בין איך אַליין.

אַז איך קען דיין קול ניט הערן,
און איך קען דײַן בליק ניט שפּירן,
קען איך זיך קיין אָרט געפינען.
נאָר דיך האָב איך אין זינען.

ווי קען איך אַזוי פיל בענקשאַפט
אין זיך האַלטן אײַן?
ווי קען איך פאַרטראָגן
אַזוי ווײַט פון דיר צו זײַן?

איך שרײַב צו דיר אַ בריוועלע,
מיין ליבער, מיין באַשערטער.
איך שרײַב צו דיר אַ בריוועלע,
און כ׳האָב דערצו קיין ווערטער.

* * *

# ווי זונענשייַן

דער פרילינג איז שוין דאָ, שוין דאָ,
און מילדערט יעדע שעה.
ער טייַעט אויף די ערד
פונעם לאַנגען גליווער,
און נעמט צו דעם שטאָך פון ווינט.
(כ'האָב דיך ליב ווי אַ קליין קינד)

עס ציטערט אויף דאָס געסל
מיט קלאַנגען און וויבריר.
עס טשוכן זיך דיביימער אויס
פון זייער לאַנגען דרימל.

אַזוי ווי אַ כלה
באַדעקט מיט אַ שלייער,
שייַנט הייַנט אַדורך די זון
הינטער וואָלקנס טיול.

נאָר איך מאַך צו דאָס פענצטער,
און וויל נאָר זייַן אַליין
מיט מייַן בייגעלע פּאַפּיר.
איך שרייַב אַ בריוו צו דיר.

עס לויפן די געדאַנקען,
איך שטעל זיי אויס אין ריי,
און וויקל זיי אין ליבשאַפט איַין,
לייַכטן זיי ווי זונענשייַן.

* * *

# עס קלינגט

עס קלינגט פֿאַרביי אַ שליטן
פֿון צײַטן לאַנג צוריק —
מיט אַ פּרינץ און אַ פּרינצעסין
איבער אַ זילבערנער בריק.

חלום פֿינקלט אין זייער בליק.
זייער סאַמעט און זייער פֿוטער
איז ווייך און גלעטנדיק
ווי ס׳איז דער וואָל פֿון שניי.

עס קרײַזט זיך אום די ערד
אַרום שליטן מיט די פֿערד.
זיי טאַנצן און זיי שפּרינגען,
עס שאָקלען זיך די טראָלדן
צום שפּילעוודיקן קלינגען.

און די פֿעלדער שניי
פֿון זײַדנס און בריליאַנטן
שפּיגלען אָפּ דעם חלום
וואָס איז אַלט און אַזוי נײַ
און פֿליט דאָ איצט פֿאַרבײַ.

* * *

# דער בעקער

ער שטייט בײַם זײַט פון קיך,
אין זיך אַליין פאַרזונקען.
די שווערע גרויסע אויוונס
דריקן אַראָפּ דאָס געמיט.
(דאס געיוירן טייג פולסירט
און עס גיט זיך אונטער
די בליציק שנעלע פינגער).

נאָר ער איז איצט ערגעץ ווײַט.
אַזוי ווי אַ לאָשיקל
שפרינגט ער אום אין פעלד.
פון ווײַטנס רופט אים מאַמע,
און שיקט אים נאָך איר גלעט.
מיט זײַן שאָקלענדיקער האַנט
ענטפערט ער איר אָפּ.

די ערד איז מילד ווי מאַמעס בליק.
אַזוי ווי אין אַ טײַך
וואַרפט ער זיך אין גראָז,
אָטעמט אײַן איר ריח.

עס וועקט אים אַ גלעקל אויף,
ער שאַרט אַרויס די בולקעס.
אַזוי ווי רײַפע פרות
זענען זיי זיך צעוואַקסן,
און לײַכטן מיט אַ רויטקייט
ווי מאַמעס פרום געזיכט.

* * *

# אָט רעד איך דאָך צו דיר

כ׳וויל א בריוועלע דיר שרײַבן,
בין איך אַזוי שטום.
כ׳וויל דײַן נאָענטקייט דערפילן,
ביסטו אַזוי ווײַט.

פלוצעם פֿאַלט מיר עפּעס אײַן,
כ׳נעם די פּען אין האַנט אַרײַן
און כ׳טונק זי אין ליבשאַפט אײַן.

ווי מיט אַ כּישוף שרײַבט די פּען
אין גאַנצן איצט אַליין.
עס רינט מײַן ליבשאַפט אויף פּאַפּיר
אין דינע, רונדע אותיות,
וואָס צעפּינקלען זיך אַזוי
ווי קיין מאָל, קיין מאָל פֿריער.

עס שרײַבט די פּען אַזוינע רייד
וואָס גיבן זיך נאָר איבער
אין אַ בליק, אַ מינע.
איך פֿיל דיך נאָענט לעבן מיר,
אָט רעד איך דאָך צו דיר.

ווי אָ קלאָר, ווײַס טײַבעלע,
טוליע איך דאָס בריוועלע,
און מיט מײַנע ברכות
שיק איך עס אַוועק
עס זאָל פֿליען...
עס זאָל פֿליען...
ביז ס׳וועט אָנקומען צו דיר.

* * *

## איך זוך דיך צו דערגרייכן

בערג און ימען, הימלען
טיילן אונדז פאַנאַנדער.
איך זוך דיך צו דערגרייכן.
מיט זשעדנע הענט גיי איך אַרום.
כ׳הער דאָס געזאַנג פון פייגל,
כאַפּ איך אויף די טענער,
שיק זיי אָפּ צו דיר.

טרעלן זיי אַרום דייַן שטיבל,
וועקן אויף דעם גאָרטן.
בליען, וואַקסן בלומען,
ציען זיך אַזש ביז דייַן פענצטער,
בייגן זיך און וויגן,
און חנדלען זיך מיט פאַרבן
אין דייַן שטיבעלע אַרייַן.

* * *

## אַלץ צו ליבשאַפט ציט

די פרילינג־זון וואַרעמט, גלעט,
מאַמעדיק צו אַלץ זי רעדט.
הילט מיט אירע שטראַלן אייַן
ס׳זאָל אַלץ פאַרכישופט מיט זיי זייַן.
די גאַנצע ערד זיך צו איר ציט.

וואַקסט אַלץ נסימדיק און בליט
ווי לאַנג עס צערטלט זון און גליט.
ווייַל אַלצדינג, אַלץ צו ליבשאַפט ציט.

* * *

# אַזוי נאָענט, ליב...

איך וואַרט און וואַרט אויף דיר,
פאַרעקשנט שטייט די טיר.
ניין, הייַנט ווועסטו נישט קומען,
וועסט שוין מער נישט קומען.

דאָך פיל איך דו ביסט דאָ,
און איך נעם דיך זוכן.
אַט ליגט די צייַטונג אויפן בעט,
ווייַזט די דאַטע — הייַנט.
הייַנט, יאָ, הייַנט פרי
האָסטו זי געלייענט.

עס ליגט דאָס בוך דערנעבן,
נאָך אַלץ אויפגעמישט.
דאָס זייַטל וואָס דו האָסט געלייענט,
שייַנט אויף מיט געדאַנקען,
און וואַרט געשפּאַנט אויף דיר,
זיך דורכרעדן און שמועסן.

און אָט איז דייַן הוט,
מיט דעם קנייטש דעם טיפן,
פון דייַן שטענדיקן באַריר,
וואָס האָסט געוואָלט אויסבייַטן.
ווי ליב עס איז מיר איצט,
אַזוי נאָענט, ליב...

* * *

## דיַינע אוצרות

אַזוי פיל געבענטשטע שעהן
האָבן אין אונדז אַריַינגעטריפט.
אַזוי פיל שטילע רייד
געזאָגט און ניט דערזאָגט,
ווי זאָמען זיך פאַרפלאַנצט.

אויף אַלע דיַינע רייַזעס
צו דיַינע וויַיטע אינדזלען
האָסטו מיך מיטגענומען.
צו אַלע דיַינע אוצרות
אַ שותף מיך געמאַכט.

און יעדעס מאָל ווען דו
האָסט זיך מיט מיר געטיילט,
איז אַ נס געשען:
זיי האָבן זיך פאַרטאָפּלט.

* * *

## אין די בלויען

גרויס איז געווען די שעה
ווען ביסט זיך אין רייד
פאַרגאַנגען.
האָסט אומגעשוועבט אין די בלויען,
זיך מיט דיַין אייגן ליכט
אָנגעטרונקען.
לויטער געווען דיַינע רייד
ווי די פּערלדיקע וואָלקנס.
אויף דיַין געזיכט האָט גערוט
זייער אָפּשיַין.
ווידער האָב איך דיך דערקענט.

* * *

# זיידע

נאָך אַלץ הער איך דעם ציטער, זיידע,
פון דײַן קידוש־ניגון.
נאָך אַלץ נאָגט דער אומעט
פון דײַן צאַרטן בליק.

אָט שטייסטו בײַ דעם פענצטער,
טשאַטעס פייגל פליען,
קלאַנגען לעבן פון דער גאַס
קלאַפּן אָן אין פענצטער.
ציטערט אויף דײַן לײַב,
ווערן פײַכט די אויגן,
מאָנען דײַנע מאַטע פיס,
לעכצן דײַנע שטומע הענט...

מיט דײַן איידעלען געשטאַלט,
דײַנע שנירלדיקע קנייטשן —
סימנים פון די וווּנדער־מעשׂיות
וואָס דו האָסט דערציילט,
מיט דײַן ציכטיק, ווײַסער באָרד —
אַן אָפּשײַן פון דײַן זיידעס האַרץ,
און מיט דײַן דין געהער
פון אַ שטילן זיפץ,
ביסטו שוין בײַם לעבן, זיידע,
געוועזן אַ לעגענדע.

ערשט דאָ נישט לאַנג צוריק
האָסטו זיך אומגעדרייט
אין דײַן קליינער קלייט,
הין און הער געשטעלט
דײַנע פּרות, שפּײַזן.
זוניק איז געווען דײַן וועלט.

ס׳איז די טיר געשטאַנען אָפן,
און פאַרבעטן קומען.
נחתדיק זענען געווען
זיידעס הענט פאַרנומען.

ניט נאָר קאַשע, רייַז,
ניט נאָר זעק מיט שפּייַז,
נאָר אויך אַ זאַק מיט ווונדער־מעשיות
איז געווען אין קלייט.
און אַז ס׳האָט נאָר געסטייַעט צייַט,
האָט ער געקליבן פון דעם זאַק
און זיך אייַנגעהילט אין פרייד.
עס איז שווער דאָס צו פאַרשטיין,
נאָר דאָס איז זיידעס לוין געווען.

דאָס קרעמל פון כל־טוב
האָט יעדערן געשפּייַזט,
נאָר... אַלץ פוסטער זענען פּאָליצעס געוואָרן.
ד משא איז צו שווער געווען.
דאָס קרעמל האָט געגוססט —
ביז די טיר איז צוגעפאַלן.

* * *

# דו פליסט

(שלמהן)

דו פליסט אַוועק אין די בלויען,
איך בין דער שטערן בײַ דײַן זײַט.
אַ ליכט־וועג פינקל איך אויס.
(די פענצטערלעך גלאַנצן מיט מילדקייט).

מיט מײַן בליק האַלט איך פעסט צו די שיף,
שפּילעוודיק שאָטנט זי, ליכטיקט,
שטופּט האָפּערדיק אָפּ דעם ווינט.
(כ'באַשפּרינקל זי מיט מײַנע פאַרבן).

זי שווימט גלאַטיק און גלײַך אויף די כוואַליעס,
די הערשערין פון דעם רוים.
מײַנע שטראַלן־הענט שפּרייט איך אויס
און בענטש די שיף אויף איר וועג.

* * *

# בענקשאַפט

אַ וװאַל פון בענקשאַפט
װיקלט אַלצדינג אום.
װי פריער שטייט די לאָמפּ
געטריַי, איַינגעבויגן,
גרייט דיַין בוך באַלייַכטן.

עס שטייט די שאַפע אָנגעכמורעט,
דאָרטן פעלן דיַינע ביכער.
פאַרשאָטנט ליגט דיַין קישן,
פאַרבענקט נאָך יונגען חלום.

און די בילדער אויף די װענט
װאָס דו האָסט אויפגעהאָנגען,
דערציילן מיט די פאַרבן
פון שפּילעװדיקן חן.

די בלעטער פונעם פלאַנץ
צעװאַקסן זיך אַלץ מער.
זיי קריכן אויפן דיל
און ציען זיך צו דיר...

* * *

# אַז דו ביסט נאָר אַריין

עס האָבן מיטגעפלאַטערט טרעפּ
ווען ביסט אויף זיי געשפּרונגען,
און דורך אַלע פענצטער שפּאַרעס
האט אַרייַנגעשייַנט דער טאָג
מיט אַלע זייַנע פריידן.

ווי פרות זאַפטיקע
האָבן זיך צעשאָטן
דייַנע ווערטער־קלאַנגען.

* * *

# אַזוי ווי אַ זון

זי שטייט אין דרויסן בייַ דער טיר,
איר מאַן לעבן איר,
אַן אָרנאַמענט פון האָלץ.
קינדער שפּרינגען, רופן,
עכאָען אָפּ דעם פרילינג,
וואָס בלענדט אויף אין גאָרטן
מיט אַ שלל פון פאַרבן.
זי זאַפּט אַלץ איַין אין אירע רייד,
זוכט מיט זיי אויפבליצן
זייַנע בלאַסע אויגן,
אויפטייַען די שטאַרע הענט,
שטאָליקן זייַן ציטעריק לייב,
און זאָל ער ווי אַ זון
אויפגיין אין איר לעבן.

* * *

# איך זע דיך

אין בין־השמשות זע איך דיך
ווען די זון פֿאַרגייט.
מיט אומרו און מיט בענקשאַפֿט
פֿלאַמט זי און פֿאַרזאַמט.

טויכסט אויף פֿאַר מיר אין גלי פֿון טאָג
ווען די פֿאַרשײַטע וועגן
הערן אויף צו פֿליסן,
און זיי בלײַבן ליגן
באַלאָדענע מיט מידקייט.

און אין קאַפּריזנעם האַרבסט,
ווען עס רײַסט די נאַכט אָפּ שטיקער,
און פֿאַרטונקלט און פֿאַרגרויט
די שטראַלנדיקע טעג —
פֿיל איך דו ביסט דאָ.

אין די לאַנגע, וויסטע נעכט,
ווען עס וואָיעט, ס׳וויינט דער ווינט,
און ס׳טרייסלען זיך אין שרעק די פֿענצטער,
הער איך דײַן געוויין.

* * *

# זײַן ליד

ער האָט זי קיין מאָל ניט געזען,
דאָך, אַז איר בריוו קומט אָן,
פילט ער יעדעס מאָל
אַז עפּעס אויסטערליש איז געשען.

ער לייענט איבער און איבער אירע רייד,
הערט זיך צו צום טאָן,
און אים דאַכט זיך מיט אַ מאָל
אַז ער דערהערט איר קול.

פון דעם וואָס זי דריקט אויס,
און שילדערט אַזוי שיין,
פורעמט זיך איר געזיכט
איידל און מיט חן.

ס׳בליצט אויף פון בריוו אַ געדאַנק,
ער פעדעמט צו זײַן אייגנס,
און וועבט אויס אַ בריוו
וואָס איז ווי אַ ליד
צו דער וואָס ער האָט ליב.

* * *

# אַ הון מיט אירע הינער

זי גייט מיט אירע קינדער —
אַ הון מיט אירע הינער.
אירע בליקן טוליען זיי,
פינקלען אויס אַ פרייד.

אַזאַ מאַמע־גוטסקייט
רינגלט זיי אַרום,
מאַכט ווייך פאַר זיי די ערד,
און לינד די פרילינג־לופט.

פון הימל רינט אַראָפּ
גלאַנציק בלויער גאָלד,
מישט זיך אויס מיט הערעלעך,
שפּיגלט זיך אין אויגן.

זיי וואַרפן מיט די פיסלעך,
פּליעסקען מיט די הענט —
שאָקלען מיט די פייגל־פליגעלעך
ציטערן מיט די צווייַגן.

* * *

# אָן דעם טאַטן

פון שטרוי, פון לופט, פון ליים
האָט זי פאַר אירע עופהלעך
געוועבט, געבויט אַ היים.
עס געוואַרעמט און געצונדן
מיט גלי פון איר יונג האַרץ,
און אַרום איר לײַב
די קינדערלעך געבונדן.

נאָר פאַרטונקלט איז געווען
די קליינע מאַמע־היים.
זי האָט די קינדערלעך געוויגט
און אײַנגעהויכט אין זיי
די מילדקייט און די צאַרטקייט
פון דעם טאַטן־געשטאַלט
מיט דינע חלום־רייד.

מיט זײַן נאָענטקייט האָט געאָטעמט
דאָס פאַרבענקטע שטיבל.
ס'האָט יעדערער ביחידות
שטיל צו אים געשעפטשעט,
זיך ליאַשטשענדיק געטוליעט.

אויף אַלע זייערע וועגן
האָט ער זיי באַגלייט,
דאָך זוניק איז קיין מאָל געווען
זייער שעה פון פרייד.

* * *

# דער גערטנער

מיט דעם ווונק פון קאַיאָר
באַווייַזט זיך דאָס געשטאַלט
פונעם אַלטן גערטנער.
צווישן בלומען־בייטן גייט ער.
עס צוויטשערט אויף די לופט
און שפילט אויס דעם קאַיאָר
אויף אַ זילבערנער פלייט.

אים אנטקעגן ווייט
דער בלומען־אַראָמאַט.
ער קוקט זיך איַין, געבויגן,
מיט אומרו אין די אויגן:
צי האָט אפשר דער שטורעם בייַנאַכט
שאָדן פיל געבראַכט?
יעדע בליונג אים דערפרייט.
ער גלעט זיי מיט זייַן בליק
און פילט אין זיך דעם ציטער
פון זייער בלומיק לעבן.

עס מיניען זיך די פאַרבן
און ס׳שפיגלט זיך דער רעגנבויגן
אין דעם גערטנערס אויגן.
אַ בוים איז ער דאָ צווישן בלומען.

מיט זייַן כישוף - וואַסער
טרינקט ער זיי אָן.
ער בענטשט זיי און ער רופט:
וואַכט אויף, בליט אויף
מיט זון, מיט ווינט, מיט טוי,
און מיט הימל־בלוי.

* * *

# אָן ליבשאַפט

ער האָט פֿאַרפֿעלט אַזוי פֿיל רייד
וואָס וואָלטן פֿאַרשאַפֿט אים פֿרייד,
און אַזוי פֿיל גלעטן
וואָס זיין האַרץ האָט זיך געבעטן.

האָט ער געזוכט זיך צו פֿאַרבלענדן,
פֿאַרוועבן אינעם זייַד פֿון לעבן.
נאָר צו דין ז׳געוועזן ס׳געוועב
און צו בלאַס איר שייַן
אַז ס׳זאָל אים דערוואַרעמען,
פֿאַר אים אַן אָנלען זייַן.

* * *

# ווי אַ פרישער קוואַל

ווי אַ פרישער קוואַל,
קלינגט דיין געלעכטער, קינד.
שפרינגסט און לויפסט אַרום
ווי אַ העזעלע אַ קליינס.

ס׳לייַכט אויף מיט דיר די שטוב,
אויף אַלץ רוט חן און שפּיל.
מיט צוויטשערייַ איז פול די לופט —
מיט דייַנע קליינע קלאַנגען.

ס׳דאַכט זיך אַלץ שטרעקט אויס די הענט,
זוכט מיט דיר זיך חברן.
דאָ, מער ווי אומעטום,
שטעלט די זון זיך אָפּ,
גלעט אַלע דייַנע קרייַזעלעך,
און מיט גאָלד באַשייַנט.

* * *

# פאַרלאָרן און פאַרשטויסן

אומעטום, ווו נאָר זי גייט
שפּרייט זיך שאָטן, קעלט.
עס טונקלען אירע אויגן.
שפלדיק, געבויגן
איז איר מאַטער קאָפּ.

אירע לאַנגע, דאַרע הענט
הענגען שלאַבעריק אַראָפּ,
און די שווערע, טעמפּע טריט
רעדן און דערציילן:
פאַרלאָרן און פאַרשטויסן.
פאַרלאָרן און פאַרשטויסן.

אָט שטייט זי ביַי דעם כּלה־בילד,
און דאָס טיולן קלייד
מיניעט זיך אין סאַמעט
פון איר צעבליט געזיכט.

און דער בחור ביַי איר זיַיט,
זיַין אָרעם אַרום איר —
אָט דאָס איז איר האַלדזבאַנד
פונעם ריינסטן גאָלד.

נאָר אָט שטייט זי ביַים שפּיגל,
אַ פרעמדן מענטשן זעט זי,
וואָס שטייט אַליין, פאַרשטאַרט,
מיט פאַרשטיַיפטע גלידער.
זי קוקט שנעל אַוועק,
עס ווייט דערפון אַ שרעק...

* * *

# אַ באַגעגעניש

(אַ פֿאַנטאַסטישע באַגעגעניש מיטן קראַנקן האמפרין)

ווי גרויס ס׳איז היינט מײַן פרייד
זיך מיט דיר צו טרעפֿן.
ווי גרויס עס איז דער וווּנדער
אַז דו ביסט נאָך דאָ.

נאָר ציטערדיק איז איצט מײַן פרייד
ווי כ׳וואָלט עפּעס געפֿונען,
און זיך אַלץ געשראָקן
ס׳זאָל נאָר ניט אַנטרינען.
אַ שמייכל שוועבט פֿאַרביי,
און ווי ביי אַ קינד
רירט אָן די שטילע ליפּן.
ביסט מיר אַזוי נאָענט אַצינד.

ווי בלאַס דו ביסט, מײַן ליבער,
ווי אויסגעצערט דו ביסט,
אַז פֿון לויטער צאַרטקייט
ביסטו אַ געוועב.

פֿון אַלע עקן וועלט
ציט זיך צו דיר ליבשאַפֿט.
ווי אַ בוים אין זון
קוועלסטו און דו שײַנסט.

* * *

# ווי אַ זוניקער רעגן

ווי אַ זוניקער רעגן
לויפסטו מיר אַנטקעגן.
איך שפּרייט אויס די הענט
די ליבשאַפט איינצוזאַמלען.
דיינע אויגן — קוואַלן ליכט,
דיינע הענטלעך — בלומען־בלעטלעך.

כ׳נעם מיט דיין בליק און דיין באַריר.
אויף אַ שיפעלע פון פרייד
שוועב איך אין שטוב אַריין.

* * *

# גאַנץ פרי

גאַנץ פרי האָט זיך די לופט צעקלונגען,
ס׳האָט אַ קאַנאַריק זיך צעזונגען,
האָבן הענער זיך געדרייט,
געוואָלט מיטזינגען, געקרייט,
און די קעצלעך אין אַ ראָד
געטאַנצט האָבן אַ קאַראַהאָד.
קאַטשקעס האָבן זיך צוגעהערט,
געוווּנקען נאָר און נישט געשטערט.
נאָר האָזן זענען אומגעשפּרונגען,
ווי זיי וואָלטן מיטגעזונגען.

* * *

# דאָס לעבן זייערס

מיט דעם אַראָמאַט פון ליבשאַפט
איז געווען אָנגעווייט
דאָס שטיבעלע פון זאַלבעצווייט.

ווען נאָך אַ טאָג פון שפּאַנונג
ביי ציפערן טויב און שטום,
איז ער אַהיימגעקומען
מיט האָפערדיק געמיט,
האָט אויף אים געוואַרט פאַרויס
אַ פאַרליבטע רויז.

מיטן קלונג פון גלעקל
האָט דער אָוונט זיך צעקלונגען.
אַ צעיונגטער ביי דער טיר
איז ער געשטאַנען לעבן איר.
ס׳האָבן זי איינגעהילט מיט פרייד
זיינע צעבליטע רייד.

ס׳האָט יעדער טאָג געבראַכט
אַ באַזונדערן חן.
נאָר די צייט האָט זיך געוויקלט,
און צו ביסלעך זיך געטונקלט.

איין טאָג ווען אַ גוסס
איז ער אין שפּיטאָל געלעגן,
האָט זי מיט כּלה־טריט
אַרום אים אומגעשוועבט.
און איר יעדע טווּנג
איז אַלץ אָנגעהויבט געווען
פון יענעם ערשטן כּישוף ·
וואָס איז אַ מאָל געשען...

* * *

# מאַמע

מיטן קלאַנג פון דיינע רייד
שוועב איך צוריק צו דיר.
ליבשאַפט טריפט פון דיינע רייד
ווי זאַפט פון רייפע פרות.

דער האַרבסט־בלי אין דיין געזיכט
לייכט אויף אַלע חנען
וואָס אין דיר פאַרבאָרגן.

שטיל פליסט דיין לעבן
ווי די שטילקייט פון די ביימער.
איך גיי מיט מיט דיר
מיט דיינע קליינע טריט,
און האַלט דיך פעסט אַרום זיך,
דיך און דיין שאָטן.

* * *

# דער שמעטערלינג

איך ווער קיין מאָל ניט פֿאַרמאַטערט
זיך צוצוקוקן ווי עס פֿלאַטערט
דער שמעטערלינג אַרום.
די פֿליגל — בלעטלעך פֿון אַ בלום
מיט זונען־פֿאַרבן אַלערליי
געצייכנט נסימדיק אויף זיי.

מיר דאַכט זיך די לופֿט ציטערט
ווען סיפּלאַטערל זיך צעפֿלאַטערט.
איך בלײַב שטיין אָן אָטעם
ווען כ׳קוק זיך צו צו דעם.
פֿונקען ליכט פֿלאַטערן אום.
וואָס איז מער ווונדערלעך דערפֿון.

פֿון אַ וואָרעם וואָס קריכט אום
און האָט מער ווי איין מום
האָט זיך אַזווינס געמאַכט.

* * *

# אויף אַ צווײַג

אויף אַ צווײַג פייגל פיר
צוויטשערן אָן אַ שיעור.
רופן צו די וואָלקנס גרוי
וואָס פאַרשטעלן דעם הימל בלוי.

קומט באַלד אָן א שטאַרקער ווינט,
פאַרטרייבט די וואָלקנס גאַנץ געשווינד.
וואָלקן־אײַן און וואָלקן־אויס,
און עס קומט די זון אַרויס.

פרייען זיך די פייגעלעך,
זייער פרייד איז אָן אַ שיעור,
שיין די וועלט, און אַזוי גרויס,
שפּרייטן זיי די פליגל אויס,
און זיי פליען העט־העט ווײַט
איבער בערג צו יעדער זײַט.

* * *

# פרילינגדיק

איך הייב אויף מײַנע אָרעמס
און צי אַרײַן דאָס ליכט.
פאַרשײַט דריי איך אום
מײַן צעפּאַטלטן קאָפּ
און זויג האַסטיק פון דער ערד
אירע זאַפטן.

כ׳פיל זיך פרילינגדיק,
כ׳חבר זיך מיט זון, מיט רעגן.
און... בינטלעך סודות —
קנאָספּן טראָג איך,
געוועבט פון ליכט און זאַפט.
מײַנע אָרעמס ציטערן פון פרייד.

* * *

# שוועלבעלעך אין שניי

שוועלבעלעך אין שניי,
איך קום אַרויס צו זיי.
איך קאָרמע זיי בײַם טיר,
זיי שטייען אַרום מיר.

זיי זענען מײַנע קליינע פרײַנט,
מיר קענען זיך שוין נישט פון הײַנט.
זיי קומען יעדן טאָג צום טיר,
און זיי וואַרטן דאָ אויף מיר.

ברעקלעך ברויט ווייך און קליין
האָב איך צוגעגרייט אַליין.
אַ שטיקל טאָרט, אויך קיכלעך צוויי,
עס וועט זײַן געשמאַק פֿאַר זיי.

עס איז אַזוי וווּנדערלעך
צו זען ווי זיי שלינגען גיך.
איך רעד אַזוי פיל ליבע רייד,
מן־הסתם דערפילן זיי מײַן פרייד.

* * *

# טאָני

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, געוויס,
נאָר ווען טאָני איז אין הויז,
קאַרטשעט ער צונויף די פיס,
און דרעמלט די שעהען אויס.

ווי אַ וואָלף איז טאָני גרויס,
כאָטש יונג, דערשראָקן ווי אַ מויז.
מיט הכנעה פאָלגט ער נאָך.
טאָניס לעבן איז אַ יאָך.

ווען ער דערהערט די רייד דאָך:
"טאָני, זון, מיַין זון",
קריַיזלען זיך די האָר נאָך מער,
און נאָך העכער וואַקסט ער אויס,
און דער יאָך זיַינער
ווערט אויף אַ וויַיל צערונען.

איין מאָל האָט ער זיך געפונען
אין אַן אַפּטייק אַ קליינעם.
ער האָט געשמעקט, זיך אומגעדרייט
צווישן פלעשער אַלערליי.

פלוצעם דערפילט אַ געשריי
מיט שניטן פון דער קייט,
וואָס האָט געטאָן א בליאַסק
ווען ס'האָט זיך דערהערט אַ טראַסק.

ס'האָט זיך געגאָסן אויפן דיל,
נאָר טאָני איז געלעגן שטיל
כאָטש שמיץ האָבן געבריט —
געפילט ווי ער שרומפּט איַין,
זיַין לייַב — אַ משא פּיַין...

* * *

# אַ וועווריקל

אַ וועוורקל שטייט דאָ דערנעבן,
ניסעלעך וויל איך אים געבן.
זייַנע אויגן פול מיט שרעק,
איך קלער ער זאָל נאָר נישט אַוועק.

ב׳האָב פאַר אים ניסלעך פיר מאָל פיר,
זאָל ער נאָר צוקומען צו מיר.
צו די ניסלעך אים שטאַרק ציט,
מאַכט ער דאָך צוויי קליינע טריט.

פלוצעם נעמט ער און פאַרשווינד׳ט,
כ׳ווייס נישט ווו ער איז אַצינד.
אָט איז ער ווידער, וואַרף איך ניס,
לויפט ער צו מיט שנעלע פיס.
דאָס וועוורקל קייַט אַזוי שיין,
ער איז אין גאַנצן אַזוי קליין.

אָט שטייט ער דאָ שוין ביי מייַן זייַט.
איך גיב אים נאָך, ער קייַט און קייַט.
ער איז שוין מער נישט פול מיט שרעק,
און ער וועט שוין נישט אַוועק.

* * *

# מייַן הינטעלע

אַזוי ווי איך שפּרייַז נאָר
אַרייַן אין קאָרידאָר,
הער איך מיט אַ מאָל
אַ פאַרבענקט, דינטשיק קול.

דאָס שטייט מייַן הינטעלע בייַם טיר
און ער רופט צו מיר.
ער דערקענט שוין מייַנע טריט,
כאָטש ער זעט מיך ניט.

איך טו אַ שפּרונג, אַ לויף,
און ס׳איז די טיר שוין אויף.
ער שפּרינגט אַרום מיר,
ווערט ניט שטיל,
און איך ווייס שוין וואָס ער וויל.
איך כאַפּ מייַן הינטעלע אין שויס,
און איך לויף אַרויס.

דאָ בייַם גאָרטן בלייַבט ער שטיין,
אים אַרט מער ניט וואָס ר׳איז אַליין.
ער בייגט זיך איַין און מיט דער נאָז
שמעקט ער און ער שמעקט דאָס גראָז...

* * *

# צו אַ ווערעמל

דאַרפסט נישט ווי איך קיין זאָקן, שיך,
דו דאַרפסט גאָרנישט אָנטאָן זיך.
וווּ זענען דײַנע אויגן, קאָפּ,
און דײַנע פּיס, וווּ זענען, זאָג?

ס׳דאַכט זיך ביסט אין גאַנצן מום,
ווי אַ גנב קריכסטו אום.
מע זעט דיך קוים, ביסט אומעטום,
אויף אַלע בלעטלעך דאָ אַרום.

קריכסט אַהין און קריכסט אַהער,
קריכסט און קײַסט און קיין זאַך מער.
וואַנדערסט אום פון בלאַט צו בלאַט,
און דו ווערסט קיין מאָל נישט זאַט.

זויגסט גרינעם זאַפט אין זיך אַרײַן,
פּאַמעלעך, פּאָרזיכטיק מוזסט זײַן.
נו יאָ, דו היטסט דאָך עפּעס אויס,
ס׳וועט דאָך אַ פלאַטערל אַרויס!

* * *

# די ווערטער פיר

אַ פויגל מיט פאַרמאַכטע פליגל
זיצט אין אַ שטייגל ביי אַ שפּיגל.
ער קוקט גאַנץ אָפט דאָרטן אַריַין
ווי ס׳זאָל דאָרט זיַין חבר זיַין.
ער צוויטשערט צו אים און ער רעדט,
מיטן שנאָבל ליאַשטשעט, גלעט,
און אַז דער פויגל זיך צעצוויטשערט,
פון פרייד די גאַנצע שטוב אַזש ציטערט.

דער בעל־הבית קוועלט פון זיין חן,
און טראַכט ווען נאָר זיַין פויגל קליין
וואָלט רעדן אָט ווי ער אַליין,
ווי גוט וואָלט אים געווען.
האָט ער דעם שפּיגל צוגעדעקט,
און דעם ״חבר״ אפּגעמעקט.
מיט אים געלערנט אַן אַ שיעור
זיַינע ווערטער פיר.

דער פויגל איז געוואָרן פאַרשטילט,
ער האָט שוין גאָרנישט מער געפילט,
נאָר אַ גאַנצן טאָג געהערט
ווערטער, ווערטער אָן אויפהער,
און קיין זאַך, קיין זאַך מער.

און אַז ער האָט אַרויסגעזאָגט זיי
אַלע ווערטער צוויי און צוויי,
האָט זיך געהערט אַ שאַרפער גרילץ,
נישט ווי זיַין געזאַנג.

פון שרעק האָט ס׳שטיבל אויפגעציטערט,
דער פויגל האָט מער נישט געצוויטשערט.

* * *

## מתנות

ווי נאָר איך עפֿן אויף די אויגן,
קוקט צו מיר אַרײַן
מײַן הויכער שלאַנקער בוים.
דאָ האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט
מתנות מיר דערלאַנגען —
זײַנע געדיכטע בלעטער.

אַ העלער פֿלעק ציטערט אויף אים.
דאָס שמייכלט ער און ווינקט,
דערציילט מיר פֿון אַ ים מיט ליכט,
און פֿון גרינער שפֿע
וואָס עס וואַרט אויף מיר.
מיט ליבשאַפֿט ווערט מײַן צימער פֿול.
עס ווערט גרעסער, העלער.

* * *

## מעוועך

ער שנײַדט די לופֿט אַהין, אַהער,
דער שטאַרקער מעוועך, דאָס איז ער.
ער קומט צום טײַכל אָפֿט צוריק.
עס איז קאַלט און שטרענג זײַן בליק.
אין וואַסער שוועבט ער דאָ אַרום,
ס'שווימען טשאַטעס קאַטשקעס אום.
נאָר צו זען איז ווונדערלעך,
און איך תמיד ווונדער זיך,
ווי ער רוקט זיך אײַן אַ זײַט,
און שטייט תמיד פֿון דער ווײַט,
צו לאָזן קאָרמען זיך אין רו
די קאַטשקעס, ווען מע וואַרפֿט ברעקלעך צו.

* * *

# צו אַ קוקו

ס'פּליט אַ קוקו זיך דאָ אום,
און ער קוקט זיך אַלץ אַרום.
ער זוכט דאָ, און ער זוכט דאָרט,
ער זוכט פֿאַר זײַן נעסט אַן אָרט.

איך קוק אים נאָך די גאַנצע צײַט,
נאָר ער קוקט נישט אין מײַן זײַט.
קוקו קלײנער, קוקו דו,
ס'איז קײנער אַזױ שײן װי דו.

קום נאָר דאָ אַהער צו מיר,
בױ דײַן נעסט דאָ בײַ מײַן טיר.
אונדזער בױם איז זײער גרױס,
װעסט זײַן תּמיד בײַ מײַן הױז.

גאַנץ פֿרי װען איך װעל אױפֿשטײן,
װעל איך בײַם פֿענצטער דיך דערזען.
דו װעסט װאַרטן דאָרט פֿון פֿריער,
כ'װעל זיך דורכרעדן מיט דיר.

* * *

# סאַשע

פיר חדשים נאָר
מיט ווייַסע, גלאַנציקע האָר
איז סאַשעלע געווען
ווען מ׳האָט אים געבראַכט אַהיים.
זייַנע צאַרטע אייגעלעך
האָבן רייד גערעדט,
און זייַן קליינטשיק צינגעלע
האָט יעדערן געגלעט.

קעגן דער שטייַג ווו ר׳איז פריער געווען,
האָט די רחבותדיקע שטוב
ווי אַ וואַלד דאַן אויסגעזען.
גרינג און פרייַ האָט ער זיך געפילט
און אין געיעג זיך אומגעשפילט —
פון איין עק שטוב צום צווייטן
האַסטיק אומגעלאָפן.
ווי אַ פויגל אומגעשוועבט,
די הויז האָט אויפגעלעבט.

ר׳איז מיר תמיד אנטקעגנגעשפרונגען
ווען איך בין נאָר אַרייַן,
זיך מיט מיר געחברט.

ווען די בעל־הביתטע איז אין גאַס אַרויס,
האָט זי אים תמיד מיטגענומען,
געהאַלטן אים אין אָרעם פעסט
אַזוי ווי אין אַ נעסט.
ווי אַ פעקל פוך
האָט ער אויסגעזען.
ער האָט פאַרפוצט איר קלייד,
און פאַרשאַפט איר פרייד.

נאָר איין מאָל איז געשען
עפּעס אויסטערליש.
כ׳בין געזעסן בײַ דעם קיך־טיש,
סאַשען ניט געזען.
פּלוצעם אויפן טיש
האָט ער זיך באַוויזן
אין גאַנצן אײַנגעבויגן,
און געקוקט מיר אין די אויגן.

כ׳האָב געפילט זיך שולדיק,
אים גענומען גלעטן.
און זיך בײַ אים בעטן:
סאַשעלע, מײַן חברל,
כ׳האָב דיך נישט געזען, פאַרגיב,
כ׳האָב דיך אַזוי ליב...

* * *

דורך די פערצן יאָר
וואָס סאַשע איז אין שטוב געווען,
האָט ער אין זיך אײַנגעאָטעמט
נישט נאָר ליבשאַפט, פרייד,
נאָר אויך טרויער, לייד,
וואָס האָט זײַן האַרץ באַשווערט.
ער איז מער נישט אומגעלאָפן,
נאָר אַ סך גערוט, געשלאָפן —
ביז די צאַרטע אייגעלעך
מיט לעפלעך, בלעטלעך פון אַ בלום,
האָבן זיך פאַרמאַכט,
און געוואָרן פאַרשטומט.

* * *

# מיך ציט

מיך ציט צו ווײַטע קאַנטן
ווו בערג חברן זיך מיט הימלען,
ווו קוואַלן, זײַלן פּאַרע
שטײַגן אויף אין לופטן
און כוואַליען זיך אין רוים.
ווו ביימער גאָר פּאַרצײַטישע
וואָס ציען זיך דורך דורות,
ווי די ריזן שפּרײַזן
דורך די ווילדע וועלדער.
ווו דער ווינט איז קיין מאָל צאָרנדיק,
נאָר צערטלט מיט זײַן אָטעם.
תמיד וואַכיק איז די זון,
און רויִקט מיט איר בלענד.
אייביק יונג איז דאָרט די ערד,
קאַפּריזנע איז איר פּראַכט.
פון דעם אַלעם וויל איך נהנה זײַן,
ווײַל די ערד מיט אוצרות שיינקייט
איז דאָך אין גאַנצן מײַן.

* * *

# ווינטן

אַ גאַנצן טאָג האָט אַ רעגן
געגאָסן שטאַרק אויף אַלע וועגן.
ביינאַכט מיט אַ געפּילדער
האָבן זיך געיאָגט אַלץ ווילדער
ווילדע ווינטן, אָן קיין שטער,
געוויגט די ביימער הין און הער,
געבלאָזן דורך די שפּאַלטן, לעכער,
געזוכט אַראָפּרייסן די דעכער.
ס׳האָט ווי אַ בינע אויסגעזען.
ס׳איז עפּעס יענע נאַכט געשען.
ווינטן האָבן אַלץ געשווינדער.
מיט געוואַלד געבראַכט דעם ווינטער.

* * *

# דער ווינטערווינט

אַהערגעריטן האָט
אַ קאַלטער ווילדער ווינט
אַוועקבלאָזן דעם פרילינג
אײַליק און געשווינד.

פֿאַרעקשנט און מיט צאָרן
שלעפּט ער די ביימער הין און הער.
נאָר יעדער בוים האַלט זיך פֿעסט
שטאָלץ מיט זײַנע בלעטער, נעסט.

פֿאַרשעמט אײַלט זיך דער ווינט אַוועק
אויף אַ זײַטיק, שטילן וועג.

* * *

## פאַרגאַפּט

ס׳קייטלען בערג און דרייען זיך
מיטביימער אויסגעשטעלט געדיכט,
וואָס רירן זיך בייַנאַנד
אַזוי ווי איַינגעשפּאַנט.

מיד פון שטיין און פון דרימלען,
שפּרינגען זיי פון דאָ און דאָרט
שפּילעוודיק פאַרשייַט צום טאָל.

נאָר איידער וואָס און ווען,
ווי נאָר זיי דערזען
דעם טייַך וואָס שפּרייט זיך אויס
אין זייַן גאַנצער פּראַכט און גרויס,
בלייַבן זיי פאַרגאַפּט, פאַרטראַכט,
שפּרינגען ווייַטער שוין ניט מער,
נאָר שטיין און קוקן אָן אויפהער.

* * *

## זון

זון, אָטעם אַרייַן אין מיר,
לייַכט אַרייַן אין מיר,
און מאַך מיך דורכזיכטיק
מיט דייַן לויטער ליכט,
און זאָל צוריק אַרויסשטראַלן
פון מיר
לויטערקייט, און ליכטיקע פרייד.

* * *

# איבער דעם באַרג דעם הויכן

כ׳וויל אויסשפּרייטן די פליגל־הענט,
ווי אַ פויגל פליען
איבער דעם באַרג דעם הויכן.
פון דער הויך אנטדעקן
אַלע סודות זייַנע.
ערגעץ אין אַ טאָל
בלאָנקעט אום אַ טייַכל.
ערגעץ ריזלט זיך אַ קוואַל
סודותדיק און שטיל.
וואַסערפאַלן שאַלן,
קלינגען אָפּ פון ווייַט.
עס דרייען זיך די וועגן, שטעגן,
פאַרבאָרגן איז זייער ציל.
ערגעץ רוט אַ פעלד,
מיט בלימעלעך באַשפּרענקלט,
שמייכלט עס אין זון.
דאָס אַלץ וויל איך אַרומנעמען
און אומטראָגן מיט זיך.

* * *

# אליהו און דער ייד

כמורנע איז אין דרויסן, נאַס.
ערגעץ ביַי אַ ראָג פון גאַס
דרייט אַ ייד זיך, קליין און בלאַס.
ער זוכט זײַנע הינער אום.
ר׳איז געווען שוין אומעטום.

זײַנע טריט פאַרלוירן, שווער,
ער קוקט אַהין און קוקט אהער.
ס׳וועט אָנקומען אַ ייד אפשר
וואָס האָט געזען די הינער אַכט.
ס׳איז אַזוי שפעט, שוין באַלד פאַרנאַכט.
פאַרמאַטערט איז ער און פאַרשמאַכט.

ערגעץ וואַנדערט אליהו
און געפינט גאָרניט קיין רו.
ווינטן בלאָזן דאָ און דאָרט,
ברענגען בשורות פון יעדן אָרט,
און כסדר נאָר אים יאָגן,
ווו צו גיין ווילן אים זאָגן.

מיט אַ מאָל דערהערט ער טריט,
מידע, שווערע טריט פון ייד,
כאַפּט ער אויף זיך און ער פליט.
כאָטש ער איז פון אים זייער ווײַט,
נעמט עס אים גאָרנישט קיין צײַט.

אָט שטייט ער לעבן ייד בײַם ראָג.
ווי אַ בעטלערל, פאַרשטעלט,
צעשמייכלט ער זיך און ער קוועלט,
גיט אים די האַנט, און טוט אַ זאָג:
— שלום עליכם אײַך, ר׳ ייד.
— עליכם שלום, ענטפערט דער ייד.

— און ווי גייט עס אײַך, ר׳ רייד?
— אוי, ר׳ ייד, נישט פֿאַר אײַך געדאַכט,
פֿאַרשוווּנדן מײַנע הינער אַכט.
עס האָבן זיך דאָס ווײַב און קינד
געשפּײַזט מיט די אייער, און אַצינד...
ווּ זאָל איך זיי זוכן גיין.
ווי קען איך קומען אָן די הינער אַהיים?

— הם ... מאַכט אליהו צו זיך פֿאַרטראַכט
און זעט ווי ס׳איז דער ייד פֿאַרשמאַכט.
— גייט אַהיים ר׳ ייד, זײַט רויִק.
די הינער זענען דאָ צוריק.
ער גיט אים ווידער די האַנט, און זאָגט:
אַ גוטן טאָג, ר׳ ייד, כ׳ווינטש אײַך גליק.
און ער אײַלט זיך פֿײַל פֿון בויגן,
אַז מע זעט אים מער נישט פֿאַר די אויגן.

דעם ייד איז שווער דאָס צו פֿאַרשטיין,
פֿאַרווּנדערט לאָזט ער אַהיים זיך גיין.
פֿון ווײַטן הערט ער הינער קרייען.
און ער נעמט זיך פּלוצעם פֿרייען.

ער ווערט אָנגעפּילט מיט מוט,
ער איז זיכער ס׳וועט זײַן גוט.
און וואָס שנעלער ער נעמט גיין,
אַלץ שטאַרקער הערט ער זייער קרייען.

ווען ער קומט צו צו דער טיר,
זעט ער הינער מער ווי פֿריער.
ווײַב און קינד אין דרויסן שטיין
אַלע רעדן און זיך פֿרייען
מיט דעם נס וואָס איז געשען.
און זיי אַלע ווונדערן זיך
ווער דאָס בעטלערל איז געווען.

* * *

# לייזערל

גאנץ פרי, אין קאַיאָר,
ווען ס׳זינגען פייגל אין אַ כאָר,
און אַלץ אַרום צעלייַכט זיך העל,
שטייט לייזערל שוין ביַי זיַין שטעל
ווו ער פוצט און רייַבט די שיך
פלייַסיק און אויך גיך.

ער ווערט קיין מאָל, קיין מאָל מיד,
נאָר ס׳קומט דער קונה נישט תמיד.
אָט גייען פאַרביי חברים צוויי,
אין פעלד זיך שפילן רופן זיי.
דאָך ווי קען ער אין פעלד איצט גיין,
אַז ער מוז ביַים שטעל איצט שטיין?

מיט פאַרדראָס זעט ער —
דער טראָטואַר איז לער.
דאָרט, אויף יענער זיַיט
גייען מענטשן מער.
פאַרלירט ער נישט קיין ציַיט.
נעמט די זאַכן צונויף,
און לייגט זיי אויף דער פלייצע אַרויף.

ער איז שוין גרייט אַהין צו גיין,
נאָר פלוצעם דערהערט ער
פרעמדע, שטרענגע ווערטער:
ווו איַילסטו זיך?
איך זוך דאָך דיך.

לייזערל דרייט זיך אַרום שנעל,
ער זעט אַ מאַן, זיַין הוט איז העל.
פאַרפוצט איז ער, נאָר די שיך אַלט.
— איך מוז גיין צו אַ חתונה באַלד,
זאָגט ער שטרענג, דאָך פרעגט:
— ווי רופט מען דיך?
— לייזער, רופט מען מיך.
— מוזסטו טאַקע שטיין דאָ, זאָג:
ס׳איז היַינט אַזאַ שיינער טאָג.

— איך מוז דאָך געלט פאַרדינען
צו קויפן מאַמען מעדיצינען.
נאָר אַז ס׳קומט קיינער נישט אָן,
האָב איך גאָרנישט וואָס צו טאָן,
ווײנט לייזערל, און קוים וואָס ער רעדט.
די מאַמע איז קראַנק און ליגט אין בעט,
און דער טאַטע איז ערגעץ ווײַט
שוין אַ לאַנגע צײַט.
— אַ שאָד, נאָר גאָר שטאַרק אײַל איך זיך,
טאָ פוץ נאָר גוט אויס מײַנע שיך,
בעט זיך דער פרעמדער, און רעדט גיך.

לייזערל פוצט אַ רגע אַכט,
און שוין זענען די שיך אַ פּראכט.
דער קונה קוקט, און קוועלט, און לאַכט:
דו האָסט זיי אַזוי שיין געמאַכט!
און ווײַל דו האָסט געאַרבעט שווער,
באַצאָל איך דיר איצט אַ סך מער.
זײַ געזונט, לייזערל, נישט קלער,
דער מאַמען איז בעסער, גיי גלײַך אַהיים.
און איך מוז שוין צו דער חתונה גיין.

דער פרעמדער מאַכט נאָר עטלעכע טריט,
פאַרשווינדט באַלד, און מען זעט אים נישט...

לייזערל איז פול מיט פרייד.
ער וויל אים דאַנקען און געבן די האַנט,
ער זוכט אים אום, און וווּנדערט זיך
וואָס אַזוינס דאָ איז געשען...
נאָר טראַכט ער טאָר זיך נישט פאַרזאַמען
און לויפט שנעל אַהיים,
דערציילן אַלץ דער מאַמען.

* * *

# די לערערין

קײַסט איבער און איבער
די ווערטער דרײַ,
אַלע מאָל אויף ס׳נײַ.
נו יאָ, ליב קינד, כ׳פּאַרשטיי,
פרעמד און שווער דאָך זענען זיי.

נאָר פּלוצעם, מיט אַ מאָל
ווערט זיכערער דײַן קול.
די ווערטער ווערן נאָענט, ליב.
דו בויסט אַ זאַץ איצט שוין
מיט באַרג און טײַך און בוים!

און האָסט הנאה דערפון.
דײַן געזיכט איז פול מיט זון.
און טאָפּלט איז מײַן פרייד
אַז כ׳הער דײַנע רייד.
ווי וווּנדערלעך צו זען
אַז ס׳קען אַזוינס געשען.

* * *

# דער עראָפּלאַן און די באַן

מיט קנאה קוקט די באַן
אַרויף צום עראָפּלאַן.
זי נעמט בראַזגען, שטויסן, קלאַפּן,
וואָס מער שטח צו פאַרכאַפּן.

ס׳לאַכט אָפּ דער עראָפּלאַן
ווי ס׳קאַטשעט זיך די באַן.
גרינג שוועבט ער, מעסט דעם הימל אויס
און ער פילט זיך ביַי זיך גרויס.

עס זעט די בייזע באַן
וואָלקנס אונטערן עראָפּלאַן,
שאָקלט זי אויס שטיקער רויך
און מיינט דאָס זענען וואָלקנס אויך.

ווערט זי דערפון מיד, צעהיצט,
און זי סאָפּעט און זי שוויצט.
אויף אַ באַרג קריכט זי דערצו,
עס איז שווער, פּיַיפט זי זיך צו.

פריילעך שוועבט דער עראָפּלאַן
אַוועק אַלץ וויַיטער פון דער באַן.
פּלוצעם נעמט ער און פאַרשווינדט
גרינג און רויִק ווי דער ווינט.

* * *

# מיינע נייע שיך

מיר גייט זיך אַזוי גרינג און גיך
אין מייַנע נייַע שיך.
איך גיי אַהין, און כ׳גיי אַהער,
און זיי סקריפּען אָן אויפהער.

זיי גלאַנצן פון זייער ווייַט,
כ׳קוק אויף זיי די גאַנצע צייַט
צי זיי זעען נאָך אויס ווי נייַ.
מע מוז זיי פּוצן סייַ ווי סייַ.

אַ מאָל האָב איך אַ פּאַרדאַכט
זיי ווילן גיין אַליין, מיר דאַכט.
כ׳בינד פעסטער מייַנע שיך די צוויי.
און כ׳זאָרג זיך מער ניט וועגן זיי.

* * *

# די זאַווערוכע

ווען אַלץ איז געווען אין אַ טיפֿן דרימל,
האָבן זיך געצויגן פֿונעם הימל
פֿעדעם לאַנג און ווייַס און פֿיל,
פֿון לופֿט געמאַכט, און ווי לופֿט שטיל.

דער גאָרטן און די לאַן,
און ווי נאָר אַ גאַס פֿאַראַן,
איז פֿול געוואָרן מיט זיי.
מען האָט געזען נאָר שניי און שניי.

דער שניי האָט אויפֿגעהויבן די דעכער,
די ביימער געמאַכט אַלץ ברייטער, און העכער.
ר׳האָט אַלע גריבער אויסגעגלעט,
און די וועגן אויסגעבעט.
די בריקן פֿאַרפּוצט פֿון יעדער זייַט,
געזוכט אַנדערע אין דער ווייַט.
הורבעס האָבן זיך אויפֿגעשטעלט,
זיי האָבן יעדן וועג פֿאַרשטעלט.

צו מאָרגנס איז די זון אַרויס,
אַנדערש ווי תמיד, וואַכיק, גרויס.
גלייַך האָט זי געלאָזן פֿאַלן
פֿעדעם גאָלד — זונענשטראַלן.
ווי נאָר זיי האָבן אָנגערירט דעם שניי,
זענען געוואָרן שטערנדלעך פֿון זיי.
די זון האָט אלץ אַרומגענומען,
געשושקעט: פֿרילינג וועט באַלד קומען.

* * *

# ווידערקול

ווידערקול, ווידערקול,
ווי קומסטו אַהער מיט אַ מאָל?
פּלאַפּלסט, רעדסט גאָר אָן אַ שיעור,
און אַלצדינג רעדסטו נאָך נאָך מיר.

ווידערקול, ווידערקול,
גייסט מיר נאָך אויף יעדן אָרט,
און וואַרטסט כ׳זאָל אויסרעדן אַ וואָרט.
האָסט קיין שכל סײַ ווי סײַ.
דו ביסט נאָר אַ פּאָפּוגײַ.

באַהאַלטסט זיך מסתמא אויס,
ווילסט זיך שפּילן קאַץ און מויז.
און אפשר רייצטו זיך מיט מיר?
ענטפער שוין, כ׳רעד דאָך צו דיר.

זאָגסט ווײַטער אַלץ נאָך מיר ווי פריער,
און גייסט ווידער נאָך נאָך מיר.
ביסט אַ גרויסער לעקיש־בער,
און איך רעד צו דיר נישט מער.

* * *

## דער האַרבסטבוים

ווי ס׳זאָל אין בוים אַ לעמפּל זײַן,
איז ער אָנגעפּילט מיט שײַן.
אַז אין מיטן העלן טאָג
ווען עס ווערן טעג אַלץ בלאַסער,
פלאַמען זײַנע בלעטער.

זיי באַזונען זיך אַליין,
און שטראַלן אויס פון זיך
דעם גאַנצן זומער־גלי.
ווי בלומען און ווי פּרות
איז זייער ווידערבלי.

* * *

## האַרבסט

די מידע, שווערע האַרבסט־ביימער
טריפן אַרײַן זייער בענקשאַפט
אין זייערע קליינע בלעטער.
עס רײַסט זיי הפקרדיק דער ווינט,
צעוואַרפט זיי אומעטום.

אַ צעגליטע רויטקייט
דעקט די וועגן צו,
צערטלט יעדן טראָט.
די בלעטער אָטעמען אויס
אַ רײַפן פּרי־ריח.
און אומעטום ווו זיי באווײַזן זיך
צינדט זיך די בענקשאַפט אָן.

* * *

# דער קאַצעטלער

קלעפּ פון קאַלטע ווינטן,
שמיץ פון שטייַפע ריטער,
שטעכן זיין פאַרטריקנט לייַב.
אַ פאַרטויבטער אומעט
באַשווערט און שטיקט זייַן אָטעם.

די בגדים אומגעגאַרטלט,
הענגען לויז אַראָפּ,
און זיי קאָרטשען זיך
ווי אויף אַ פרעמדן לייב.

אָן קיין זאָקן, אָן קיין שיך,
אומגעבונדן זענען פיס
מיט שמאַטעס און מיט שטריק.
באַנדאַזשן זענען זיי
ווונדן צו פאַרדעקן.
די אויגן ווי צוויי לעכער,
ציטערן מיט אימה
פאַר דעם בלייכן שייַן.

ער דרעמלט אייַן און הערט
אַ זיידעש קול אים רופן:
הערשל, הערשעלע!
קום צום טיש, מייַן קינד.

דער זיידע נעמט אים אויפן שויס,
הילט אים מיט צאַרטקייט אייַן,
און בעט זיך: עס, מייַן קינד.

הערשעלע פאָלגט, און עסט און עסט,
און עס דאַכט זיך אים
ער עסט אָן אַ שיעור,
און מיט יעדן ביסן, זעט ער
ווי זיידע ווערט אַלץ מילדער, מילדער...

# אַנאַ פראַנק

פאַרציטערט שטייט דאָס שטיבל,
און טוליעט זיך אָן אָטעם.
פאַרהאָנגען זענען פענצטער,
פאַררעטעריש דער שייַן.

דאָ זעט מען נישט קיין סימן
פון קיין טיר.
אַ קעסטל איז דאָס שטיבל,
פאַרזיגלט און פאַרשטעלט.

דאָ רעדט מען נאָר מיט מינעס,
דאָ טרעט מען אין דער לופטן.
דאָ איז מען איַינגענורעט —
יעדערער אין זיך.

אַזוי ווי דורך גלאָז
דרינגט די יונגע אַנאַ
אין יעדערן אַריין.
זי זעט אַ מאַריאָנעטן־שפּיל,
און צייכנט עס אין ווערטער.

אָט שטייט זי אויבן, אויפן דאַך,
ס׳איז אַ צעבליטער גאָרטן.
און דער בחור לעבן איר
מיט די בלאַסע אויגן,
און די בלאַסע רייד,
אויך ער איז איצט פאַרענדערט.

אונטן שרייַען, דראָען,
סירענעס פונעם שונא,
זוכן ווענט צו שפּאַלטן.

נאָר אַנאַ איז פאַרטויבט
צו אַלצדינג אַרום איר.
אין איר צעבליטן גאָרטן
איז זי איצט פאַרנומען
מיט איר חלום־שפּיל.

# די פֿאַנטאָם־שיף

אָנגעגורט, פֿאַרפֿאַנצערט,
קעגן שרעקן, צאַמען,
פֿאָרן יידן איבֿער ימען.
הינטער זיי אַלץ לויערט
דער שאָטן פֿונעם שונא.
דאָרט בריט און שטעכט די לופֿט,
און די שנאה הויערט.

געיאָגט פֿון געפֿאַרן,
אַנטלויפֿט די שיף אַלץ שנעלער
פֿון דראָענדיקן ברעג.
עס רונצלט זיך דאָס וואַסער,
צייכנט אָן דעם וועג
צו יענעם אָרט אַהין צו צו
וואָס זאָגט אָן רעטונג, רו.

ערגעץ שטייט אַ מאָנומענט,
און מיט ליבשאַפֿט בלענדט.
ברייט רופֿט אויס צו אַלעמען —
פֿאַרלאָרענע, פֿאַרצרהטע
וואָס בלאָנדזשען איבער ימען:

קומט צו אונדז אין לאַנד אַריַין,
ס׳וועלן טיר און טויער
פֿאַר איַיך אָפֿן זיַין!
עס עבֿאָען די רייד
אָן אויפֿהער אַרום זיי,
און מונטערן דאָס געמיט
פֿון אַיעדן ייד.

צום סוף ווען דער קאַיאָר
טויכט אויף דעם געגאַרטן ברעג,
שפּרינגט אויף די שיף און טאַנצט אַרום,
עס רינגלען זי די כוואַליעס אום.

נאָר ס׳נעמט נישט לאַנג, מען זעט
עפּעס אויסטערליש געשעט.
וואָס מער ס׳דערנענטערט זיך די שיף,
אַלץ ווײַטער רוקט זיך אָפּ דער ברעג.
און די כוואַליעס, אָט ערשט מילד,
זענען איצט געוואָרן ווילד.
נאָר זיי הייבן זיך און שטויסן,
צו דערטרינקען זענען אויסן.

ווערט איצט שוין גאַנץ קלאָר,
אז ס׳איז דער ברעג קיין ברעג נישט,
ער איז בלויז קאָשמאַר,
און מאַכט די שיף צום נאַר.

הפקר ווי דער ווינט
איז די שיף אַצינד.
עס שלײַדערט זי דער שטורעם
צאָרנדיק הין און הער.
אַ פאַנטאָם־שיף איז זי,
אַ פאַנטאָם־שיף, נישט מער.

* * *

## דער שונא

שפּיזיק איז דעם שונאס בליק,
און שטעכט און דרינגט אַלץ דורך.
עס גייט דער שונא מיט זייַן הונט
דעם אָטעם און די טריט
פון קרבן צו דערשפּירן.

פּחד טרייַבט און יאָגט אים
אין אַלע לעכער, שפּאַלטן.
אונטער דר׳ערד, און אונטערן דיל —
ווי אַ שווערע משא
ליגט ער דאָרט באַהאַלטן.

נאָר ווען עס ווערט פינצטער,
וויקלט ער זיך איין
אינעם שוואַרצן חושך,
און שלייַכט זיך אום און זוכט
אַן אויסגעשטרעקטע האַנט...

* * *

## אין געטאָ

אַ גרויער שלייער הענגט
איבער אַלע געסלעך.
אינעם מינדסטן שאָרך
הערט מען דעם שונאס טראָט.
באַשווערט איז דאָ די לופט
פון אימה און פון צאָרן.

אין די הויקער־שטיבלעך
וווינען, ציטערן שאָטנס.
פאַרשטעלט זענען די פענצטער, טירן,
און די ווענט אַרום
וואַרפן זיך אין מינדסטן ווינט.
זיי שיצן און זיי וואַכן.
תפילה טוען זיי
תמיד, טאָג און נאַכט.

# דער פרעמדער

טעמעלע און גיטעלע,
שיינדעלע און זיסעלע
זוניק האָבן זיך געשפּילט.
מיט הענטעלעך און פיסעלעך
געלאָפן אום אין פעלד.
געעפנט האָט דער טאָג זײַן האַרץ,
זיי אײַנגעהילט אין פרייד.
פאַרקלונגען האָט די גאַנצע לופט
קינדעריש געזאַנג און רייד.

נאָר פּלוצעם האָט באַוויזן זיך
אַ שד אין מענטש־געשטאַלט.
זיך פוקסיש מיטגעשפּילט מיט זיי,
מתּנות זיי געבראַכט,
און נישט טראַכטנדיק קיין סך,
אַ כאַפּ געטאָן זיי מיט אַ לאַך,
שדיש ווי אַ שפּין,
און איז גלײַך פאַרשוווּנדן.

געבליבן איז דאָס פעלד מיט וווּנדן.
ס'האָט דער טאָג פאַרמאַכט זײַן האַרץ,
מיט נעפּל אַלץ פאַרצויגן.

ס'האָבן טאַטעס, ס'האָבן מאַמעס
פון די אוצרות פיר
אומגעבלאָנקעט מיטן ווינט,
געזוכט זיי אומעטום
מיט אויגן מיד ווי בלינד.

* * *

## אימה

אין דער פּוסטער נאַכט
הויערט די אימה אום.
קאָרטשען זיך די שטיבלעך,
באַהאַלטן זיך אין חושך.
עס ציטערן אויף די הימלען,
שרומפּן אײַן, פאַרשווינדן.

פון ערגעץ גנבעט זיך אַהער
אַ געהיימע לופט־שיף.
טויזנט אויגן האָט זי,
אירע בליקן, ליכט־פײַלן,
דרינגען אַלץ אַדורך,
נישטערן, שפּירן אום...

* * *

## ערגעץ אויף אַ פעלד

ערגעץ רײַסט דער הימל אויף
מיט פלאַמען וואָס פאַרצערן.
ערגעץ ברויזט און קראַכט די ערד
און קען זיך ניט אײַנשטילן.
ערגעץ פאַלן דעבער, ווענט,
ס׳לעבן ווערט צענומען.

ערגעץ אויף אַ פעלד
ליגט אַ בחורל - סאָלדאַט,
און אַ משא איז זײַן לײַב
פון בראַנד־ווונדן און ווייען.

* * *

# גאָלדענע קמיעות

ווי אַ ראָבאָט־סאָלדאַט
דרייט זיך אום אַ האַרמאַט.
שטיקער אײַנגעהאַלטן פײַער
פּליען מיט אַ טיק־טאַק.

און דאָרט, אויף יענער זײַט,
שטייט דער ״שונא״ אין מונדיר,
דער בחורל־סאָלדאַט, און זעט
ווי אַלץ איז איצט בלויז רויך.

אַ שטורעם פון פּחד הייבט אים אויף
און שוועבט מיט אים אַוועק,
ביז ס׳שטרעקט די ערד די אָרעמס אויס,
און ציט אים אַרײַן אין איר שויס,
און גלעט און קילט זײַן וווּנד.

עס ברענגט דער טונקעלער אָוונט
אַזאַ שעה פון רו
ווען פּנימער אינטימע,
צעבליטע, טויכן אויף.

אַזאַ דינער וואַל
הילט אים מיט זיי אײַן.
זייערע ווײַטע בליקן
זענען גאָלדענע קמיעות,
זיי וועלן אים באַשיצן.

* * *

# אַ שלאַכט

עס רינט דער טרויער פון די ווענט,
מישט זיך אויס מיט יעדן ביס,
גנבעט זיך אין בליק, אין קלאַנג,
שלייַכט זיך אום אויף טיש, אויף בענק,
און שרומפּט אלץ איַין אין שרעק.

מיט אַ טומאַן איז פאַרשטעלט
די גאַנצע טויבע וועלט,
און די לופט נאָר מורמלט:
אַ שלאַכט, אַ שלאַכט קומט פאָר.

פון אומעטום, אָן אויפהער,
ציען זיך, ציען זיך פעדעם
פון בענקשאַפט און פון וויי,
און וויקלען אַלץ אַרום.
אָ גאָט, צערייַסט זיי נישט.

* * *

# שרעק

גרויס איז דער בולוואַר און ברייט,
אויף דעם בולוואַר אַ מענטשל גייט.
אים קומט אַ פרייַנט אַנטקעגן,
ער וויל די הענט אויסשטרעקן,
אויסשרייַען זייַן פרייד.

נאָר פּלוצעם דאַכט זיך אים, ער הערט
געהיימע, שטילע טריט.
אַ פרעמדער גייט אים נאָך און היט.
פאַרשעמט בלייבן די הענט,
פאַרשטומט דער אויסגעשריי, פאַרשטיקט,
און דאָס געמיט אים דריקט.

אין חלום טרעפט ער אָן
זייַנע חברים דרייַ.
אַלע פרייען זיך און רעדן
פאַרשייַט און גאָר הויך,
און ער אַליין אויך.
ס׳קען קיינער נישט דעם צווייטן הערן.
עס רייצט אַזוי דער טעם פון רייד,
אַז זיי קענען זאַט נישט ווערן.

די הענט שפּרייט יעדער ברייט,
און מיט פליענדיקע תנועות
שפּילט ער אויס די רייד.
עס איז אַ פאָנטאַן,
אַ געזאַנג פון רייד.

נאָר פּלוצעם הערט ער ווידער
סודותדיקע טריט.
פאַרנעפּלט ווערט די לופט.
ער זעט מער קיינעם נישט.
ער הערט נאָר טריט און טריט.
ער אייַלט זיך שנעל אַוועק
עס לויפט מיט אים די שרעק.

# די נויט

די נויט האָט שאַרפע נעגל,
און זי האָט הנאה
צו צערײַסן און צעשטערן
דאס געוועב פון טיול
פון דמיון אויסגעשפינט.

די נויט האָט שטרענגע פיס,
האַסטיק אײַלן זיי זיך
צו פאַרשטעלן דעם וועג
ווי שטאַנגען פון אַ פלויט.

מיט אירע בייזע אָרעמס
נעמט זי פעסט אַרום
וואַקלענדיקע שטיבלעך
און שטיקט זיי ווי אַ שפין.

אין די טונקעלע שטיבלעך
קוקן בידנע טישן
אומעטיק, אַנטבלויזט.
עס קרישלט זיך דער טעפּיך,
האַלט קוים דעם אָטעם אײַן,
און פון אַלע פענצטער
הענגען אַראָפּ שלאַבעריק
אָפּהענטיק, פאָרהאַנגען.

* * *

# אין קעלער

דאָרטן, טיף אין קעלער,
דאָרט איז תמיד נאַכט.
אַ לעמפּל ברענט פאַרטראַכט.
די פענצטער פעסט פאַרמאַכט,
מיט פאָרהאַנגען פאַרשטעלט
פון דער דרויסנדיקער וועלט.

דאָרט הערט מען נישט
דאָס רוישן פון די צווייַגן.
דאָרט שפּירט מען נישט
פון זונאויפגאַנג די טריט.
די פיר סעזאָנען פונעם יאָר
שפּרייַזן דאָ פאַרביי
אַזוי ווי פרעמדע נאָר.

און אַז מען קוקט אַרויס,
זעט מען נישט קיין בוים, קיין הויז.
מען זעט קיין זאַך ניט.
מען זעט נאָר טריט און טריט.
עס דאַכט זיך אַז דאָס שטיבל איז
פון גאַס גאָרנישט קיין טייל.
ס'איז דאָס שטיבעלע אַ הייל.

* * *

# די באָבע

דער ווײַסער, צאַרטער גלאַנץ
פון ווייכע באָבע האָר
ציטערט אינעם ווינט.
זי גייט דאָ אום אין פעלד,
די גראָזן בייגן זיך,
ציען זיך צו איר.
די שפּרודלדיקע ערד
הייבט אויף, מאַכט גרינג איר טראָט.
מילד איז דאָ דאָס זונליכט,
מונטערט און לייזט אויף
מאַטקייט פון די אברים.
אַלץ מער צעשטראַלט זיך איר חן.
זי איז דאָ נישט אַליין.

* * *

# מיין שטיבעלע

ס׳שטייט מײַן שטיבעלע אַליין,
ניט ווי אַנדערע אין אַ ריי.
נאָר ניט איינזאַם איז מײַן שטיבל
ווײַל עס האָט חברים צוויי.

עס לויפט ניט ווײַט אַן אָזערע,
וועקט עס אויף די ווינטלעך,
און האַלט דאָס שטיבל פריש און קיל.
עס איז דאָ אַזוי רויִק, שטיל.

בײַם זײַט שטייט אַ הויכער בוים
מיט זײַנע לאַנגע אָרעמס, צווײַגן,
און ער שפּרייט זיין שאָטן אום,
ער נעמט דאָס שטיבעלע אַרום.

איך האָב ליב בײַם שטיבעלע
צו זיצן און צו שווײַגן
אינעם שאָטן פון געפלעכט
פון די לאַנגע צווײַגן.

* * *

# דער בריוו

אַז אַ בריוו איז אָנגעקומען,
איז זי געוואָרן שטאַרק פֿאַרנומען.
גלײַך פון שטעקן זיך באַפרײַט,
באַקוקט דעם בריוו פון יעדער זײַט.
געטראַכט ווי עפענען אַזוי
עס זאָל אים נאָר נישט וויי טאָן.

ס׳האָבן געבלאַנקט די בייגעלעך פיר,
געעפֿנט ברייט די אויגן איר.
זי האָט עס געלייענט אויף אַ קול,
און געענטפערט אויך צומאָל.
איר האָט זיך אויסגעדאַכט
אַז נישט קיין בריוו איז דאָס,
עס איז אַ גאַסט אַרײַן.

ווען זי האָט עס דערלייענט צום סוף,
איז זי אַוועקגעפאַלן אין אַ שלאָף.
עפעס וווּנדערלעך איז דאַן געשען.
ווידער האָט זי דעם בריוו געזען.
יעדער אות האָט זיך גערירט פון אָרט,
און געטאַנצט אנטקעגן איר
אין אַ לוסטיקן קאַראַהאָד.

* * *

# פאַרגאַפּט

ס׳קייטלען בערג און דרייען זיך
מיט ביימער אויסגעשטעלט געדיכט,
וואס האַלטן זיך בײַנאַנד
אַזוי ווי אײַנגעשפּאַנט.

מיד פון שטייען און פון דרימלען
שפּרינגען זיי אָן צאָל
שפּילעוודיק און ווילד צום טאָל.

נאָר איידער וואָס און ווען,
ווי נאָר זיי דערזען
דעם טײַך וואָס שפּרייט זיך אויס
אין זײַן פּראַכט און גרויס —

בלײַבן זיי פאַרגאַפּט, פאַרטראַכט.
שפּרינגען ווײַטער שוין ניט מער,
נאָר זיי בלײַבן שטיין אַזוי,
און קוקן אָן אויפהער.

* * *

# מײַן זומער־קלייד

דער זומער איז געקומען,
בין איך פול מיט פרייד,
וועל איך אָנטאָן זיך אַ קלייד
מיט בלעטער און מיט בלומען.

ווי כ'זאָל זיך איינהילן
אין אַזאַ געוועב
פון בלעטער און פון בלומען,
אַזוי וויל איך דערפילן.

געהאָנגען אין דער טונקל
איז דאָס קלייד אַ לאַנגע צײַט
ווען זומער איז געווען נאָך ווײַט,
און די בלומען מיט די בלעטער
האָבן אַלץ געוואַרט אויף שפּעטער
אַרויסצוקומען אויף דער פרײַ
ווען ס'וועט זײַן זומער אויף דאָס נײַ.

* * *

# זייפנבלאָזן

(אין אָנדענק פון בעטין ע"ה)

זי פֿאַרשפּילט זיך ווי אַ קינד
און מאַכט זייפנבלאָזן.
זיי קײַקלען זיך אַרום איר
מיט אַלערליי קאָלירן.

אין אַ רעגנבויגן־קלייד
איז זי אויסגעפּוצט.
עס בלישטשען אויף די אויגן,
שפּיגלען אָפּ די פאַרבן.
שיין איז זי ווי אַ פּרינצעסין,
די גאַנצע וועלט איז איר פּאַלאַץ.

# ליכט און פרייד

ליכטיק העלע זונענשייַן
אונדזער גאַנצע וועלט הילט אייַן,
אַלצדינג וואָס דאָס ליכט באַרירט
מיט לעבן גלייַך וויברירט.

ס׳פלאַטערט די פרייד איבעראַל —
אינעם רוישן פונעם קוואַל,
אינעם לויפן פון דער האָז
וואָס זוכט און כאַפּט אויף
שפּייַז אין גראָז,
אינעם פייגעלע וואָס רופט
און פליט הין און הער אין לופט,
אינעם בוים און אין דער רויז
וואָס שפּאַרן פון דער ערד אַרויס.
אינעם פּלאַפּלען פונעם קינד
וואָס שפּרינגט אַרום אין פעלד אַצינד.
ליכטיק, העלע זונענשייַן
אונדזער גאַנצע ערד הילט אייַן.

* * *

# אויפן שפּיץ פון באַרג

אויפן שפּיץ פון באַרג
הערשן ווינטן, רעגנס,
האָבן זיי אַראָפּגעשווענקט
און אַראָפּגעשאַרט
די צאַפּלדיקע ערד
מיט אַלע אירע ביימער, פלאַנצן,
ביזקל פונעם גאַנצן באַרג
איז אַ הוילער פעלדז געוואָרן.

אָןביימער און אָן גראָזן,
אָן פייגל און אָן האָזן,
בלייַבט אומעטיק דער פעלדז, אַליין.
ער קאָרטשעט זיך אין שרעק פאַרשעמט —
אַ פעלדז איז ער, אַ בלויזער שטיין,
טראַכטער ער זיך, פאַרקלעמט.

* * *

# סודות

צווישן הויכע ווענט
אײַלט זיך אום אַ מענטשל.
עס פינטלען שנעל די אויגן,
וואַרפן פונקן אום.
אַרום אים די לופט
איז אָנגעפילט מיט סודות.
אַזוי ווי פליגעלעך
זשומען זיי אין מוח.

אָט שנײַדט ער דורך אַ וועג
צו די ווײַטע הייכן,
שוועבט אין מיסטעריע אום.
אָט עפנט ער דאָס מויל
פון דער גרויסער ערד,
זוכט אום אין אינגעווייד.

ווען ער קומט צוריק,
מערן זיך די סודות.
נאָר דער גרעסטער סוד
איז ער פאַר זיך אַליין.

* * *

# זי פּוצט זיך

ווי רינגען אין אַ קייט
זענען די לאַנגע שטונדן
וואָס האַלטן איר געבונדן
אין האָטעל־ביוראָ.

צום סוף פון טאָג
ווען זי רײַסט זיך נאָר אַרויס,
ווײַזט זיך איר דאַן אויס
אַז זי פּוצט זיך מיט בליעכץ אויס.

עס גייען איר די ביימער נאָך,
אין דמיון נעמט זי זיי אַרום,
זייער אָטעם צו דערשפּירן.
די זון בײַם ראַנד פון וואַלד
ווײַלט נאָך און זי בלענדט.
אירע אויגן טרינקען
פון הימל שטיקער בלוי.

ווי נאָר זי קומט אין שטוב אַרײַן,
דערנענטערן זיך די בערג,
און ס׳דאַכט זיך אַז זיי מורמלען שטיל:
מיר וועלן איצטער מיט דיר זײַן.

* * *

# דער פאַרבענקטער

בליקן ציען זיך צו דיר,
פונקען אינעם חושך.
דו בייגסט איין דיין קאָפּ,
זוכסט זיך וואַרעמען אין זיי,
נאָר זיי לעשן זיך באַלד אויס —
פייער־פליגעלעך.

אַ שמייכל טויכט אויף אין דער לופטן,
ליכטיקט דיינע חושים.
נאָר פּוסט ווערט באַלד די לופט.
דער שמייכל איז קאָשמאַר.

פון אַלע זייטן שוועבן רייד —
שוועבנדיקע בלומען.
הייבסט אויף די הענט
זיי אויפצוקלייבן,
נאָר ליידיק בלייבן זיי —
ווי פון זאַנגען קערנער.

עס דערנענטערן זיך טריט,
לאַנגזאַמע, ווי גלעטן.
נאָר אָט דערווייטערן זיי זיך,
ביז ס׳שלינגט די לופט זיי איין.

* * *

# ווי אַן אינדזל ביסטו

ווי אַן אינדזל ביסטו
ווו ס'איז די זון פאַרבלאַסט.
מאַטע שטייעןביימער,
אין זיי קוועלט ניט אַרייַן
דאָס בוי־געזאַנג פון פייגל.

דאָ שטיפט דער ווינט ניט אום,
דאָ איז אַלץ איינגעדרימלט, שטום,
און שרומפּט פון שטילקייט איַין.

און אַרום דעם אינדזל
הוידעט זיך דער ים,
קאָכט און זידט מיט שוים.
אַלץ העכער שפּרינגען כוואַליעס,
שפּרייטן שפּינוועבס־שפּריַי.
מיט זייערע לאַנגע פינגער
באַרירן זיי דעם ברעג.
עס ציטערט אויף דער אינדזל
מיט אומרו און מיט שרעק.

ווי אַן אינדזל ביסטו,
וואָס שרומפּט פון שטילקייט איַין.

* * *

# דער ברעג פון רו

ער רײַזט אום אויפן ים,
זוכט אום דעם ברעג פון רו.
פייגל פינטלען אויס דעם וועג,
נאָר ס'הייבן זיך די כוואַליעס,
פֿאַרמויערן דעם וועג.
עס יאָגט אַ שטורעם זיך פֿאָרויס,
ראַנגלט זיך אום מיט דער שיף,
צו שטיקן און צעשטערן.
אָט קריכט, צעשפּרייט זיך אַ טומאַן,
אַ געדיכטער שפּנוועבס,
און מעקט אַלצדינג אויס.

פֿאַרמאַטערט פֿאַלט דער מענטש אַוועק,
און טוליעט זיך צום דרימל.
פֿאַרפּינטלט, קלאָר איז איצט דער וועג,
און ציט זײַן שיף מיט זיך.
אַלץ מער דערנענטערט זיך דער ברעג.

* * *

# דער געפּעס־ווישער

זומער, ווען די פלאַנצן וואַקסן,
וואַקסן הויך די שטויסן טעלער
אין רווישיקן האָטעל,
און פאַרשטעלן דאָס זומערליכט.
עס ברענט זייַן לייַב מיט כעס.
די הענט נאָר רייַבן, ווישן —
ווי רעדער פון אַ ווישמאַשין.

ווינטער, ווען די פלאַנצן רוען,
בלאַנקט אַרייַן אַ ווייַסער טאָג.
ער פילט ווי אין אים פינקלען
זון־פונקען פון שניי.

עס בליצן בערג און שפּרינגען,
ער ווישט און פּוצט די טעלער,
און גלאַנצט אַרייַן אין זיי,
און זינגט אַרייַן אין זיי
זייַן גאַנצע ווינטער־פרייד.

* * *

# אַ מענטשלעך קול

איך דריי זיך צווישן ביימער, גראָזן,
אַ פּוסטע שטילקייט הערשט אַרום.
ס׳דאַכט זיך די גאַנצע לופט איז הויל.
אַלצדינג דאָ איז בלויז קאָשמאַר,
און איך פּיל ווי איך אַליין
ווער צעשווומען אין קאָשמאַר.

נאָר פּלוצעם, אָט, פון ערגעץ ווו
דערגרייכט אַהער אַ מענטשלעך קול.
עס הערט זיך צוריק דער וואַסערפאַל,
ווינטיק ווערן ביימער, גראָזן,
ס׳ליכטיקט אויף צוריק דער טאָג —
אַ מענטשלעך קול האָט זיך דערהערט.

* * *

# אָן אַ בליק

בייַטאָג האָט ס׳פענצטער אויפגעבליט
מיט די דינע שטענגלעך
וואָס האָבן זיך אויף אים געצויגן,
און זיך מיט אים געחברט.

בייַנאַכט האָט ס׳פענצטער אויפגעשייַנט
מיט אַן אומעטיקער פרייד
וואָס האָט אַראָפּגעווייט
פון דעם רונדן טיש
באַדעקט מיט קאָרטן־שפּיל
און אַ געזשום פון רייד.

נאָר איינער איז געזעסן אָן אַ בליק
מיט גלידער ווי די שפּענער.

# די גאַס

אײַנגעדאַרט געווען
איז די לאַנגע גאַס —
קיין בוים, קיין גראָז.
דער שמאָלער הימל
האָט געקאַרגט זײַן שײַן,
אײַנגעשרומפּן האָט זי זיך
מע זאָל איר הילוך נישט דערזען:
די צעקרימטע שטיבלעך,
דעם אומעטיקן ברוק.
ס'האָט זיך אויסגעדאַכט
די גאַס איז גאָר קיין גאַס נישט,
אַ דורכגאַנג איז זי בלויז!

נאָר פּלוצעם האָט זי זיך
רחבותדיק צעעפנט,
זיך אויסגעפּוצט מיט בלומען
און מיט אַ גרינער לענטע —
אַ לאַן אין סאַמע מיטן,
די צעקרימטע שטיבלעך
האָבן זיך פאַרוואַנדלט
אין פּאַלאַצן־טורעמס
וואָס ציען זיך אַלץ העכער

און ווינקען און זיי רופן
מיט פענצטערלעך און ליכטלעך.

* * *

# אין שפּיטאָל

מיטביידע שווערע פיס
אין דיל אַרייַנגעוואַקסן,
שטייט ער דאָ אין קאָרידאָר,
און די בלאַסע אויגן
פאַרשטאַרט קוקן אין זיך אַרייַן.

אַרום אים — נאָר ווענט און ווענט.
אַזוי ווי שטומע שומרים
האַלטן זיי געפאַנגען.

נאָר אין די שטילע נעכט,
אויף זייַן ווייך געלעגער,
ווערט אים גרינג זייַן לייַב.

אַ לופט־שיף ווערט זיין בעט,
ער פליט אַוועק אין הימל־בלוי,
אַ בלויער ווינט ווייט אים אַנטקעגן.
ער אָטעמט אויס און אָטעמט אייַן,
אַזאַ אויסטערליש געטראַנק
זאַפּט ער אין זיך אייַן.

שטערן־פלעמלעך שפּרינגען אום,
אַלץ אַרום וויברירט.
ער שוועבט אום פראַנק און פרייַ·

נאָר ווען ס׳בלאַסט ווידער אויף דער טאָג,
שטעלן צוריק זיך אויף די ווענט,
קלאַמערן אים אַרום,
און ווי שטילע שומרים
האַלטן אים געפאַנגען.

* * *

# איר חלום

עס דרעמלען אירע אויגן,
עס ציט איר נאר צו חלום.
אָט שטייט זי אויף אַ פעלד
צווישן הויכע זאַנגען.
עס פלאמען אירע באקן.
איר העל־בלוי טיולן קלייד
מיט אן אומרו אָטעמט.
עס שפילט דער ווינט זיך
מיט איר טיכל,
בארויקט זי, זאגט צו:
ער וועט קומען... ער וועט קומען...

עס צעפידלט זיך די לופט,
דוד פייַפט א ליד און רופט.
עס פלאטערט אויף איר הארץ.
איידער נאך זי דרייט זיך אום,
טוט ער א הויכן שפרונג.
ווי אן אָדלער שנעל
פארגנבעט ער זיך ביי איר זייט,
און צעלאכט זיך ווילד.

עס לאכן מיט די בערג,
אלץ העכער שייַנט די זון.
דער אימפּעט הייבט זיי
אין דער לופטן.
זיי שוועבן ביז צום נאָענטן וועלדל.
עס בייגן זיך די ביימער,
יחידות זיי צו געבן.
עס שטרעקן זיך די בלומען
צו ווייזן זייער חן.
געפלאָכטן ווי די צווייגן
זענען זייערע אָרעמס.

פּלוצעם הערן זיך סיגנאַלן,
ס׳דערנענטערן זיך פון שטורעם
די טריט.
עס ווערט טונקל,
עס ווערט פינצטער.
מיט פּחד הערן זיך די עכאָס:
דוד! חנה! דוד! חנה!

חנה עפנט אויף די אויגן:
מיט א העלן ליכט
איז דאָס צימער אָנגעצונדן.
"איך האָב דודן געזען",
שמייכלט זי אין טאָג אַריין.

* * *

# אַ שאָטן פון אַ לעבן

אַ שאָטן פון אַ לעבן
ליגט דאָ לעבן מיר.
ווי פון אַ פויגל, קליין און שפּיציק
איז איר בלוי געזיכט.
אירע גלידער, ווי די שפּענדלעך
ציען זיך צו מיר.
זי איז אַ מאַמע און אַ באָבע,
און אַ הילפלאָז קינד.

אירע אויגן צוויי וואָס צאַנקען,
ציען זיך צו מיר.
זי האָט קוים כוח צו רעדן,
דאָך רעדט זי שפּילעוודיק.
ווי וואָלט איך צונויפקלײַבן
אַלע ווערטער, בליקן,
זיי אין זיך באַהאַלטן.

דאָ טוליעט אַלצדינג זיך צוזאַמען,
ס'טישל שפּאַרט זיך אָן אין בעט,
און דאָס בענקל רוקט זיך צו.
דאָ רינט אַרײַן דער טרויער
און דעקט אַלצדינג צו.

אימהדיק איז דאָ די נאַכט
ווען ס'וויעט אום דער ווינט.
ס'קאָרטשען זיך די ווענט
מיט איר יעדן זיפץ.

נאָר אין חושך פון דער נאַכט
וויקלט זיך פאַנאַנדער
אַזאַ ווײַסער טוך,
אַזאַ ווײַסע רו.

* * *

# אָט קומט ער באַלד...

פוכיק אירע באַקן
אַזוי ווי בלומען־בלעטלעך.
בייגיק, דין די פינגער
ווי שטענגלעך פון אַ פלאַנץ.
און די ווייכע, לאַנגע האָר —
ווי פייַכטער, פרישער גראָז.

(נאָר געציילט, געמאָסטן
זענען אירע טעג און רגעס)

זי קעמט זיך, פוצט זיך אויס.
איר געליבטער דאַרף באַלד קומען.
עס מיניעט זיך דער בלוי פון לענטע
אין די בלויע אויגן.
ס׳פּאַרטשעפּען זיך די לאָקן
אין די צווייַגן־שאָטנס
וואָס ס׳וואַרפט דער בוים אויף ווענט.

ער טוליעט זיך צום פענצטער
און רוישט אום מיט די בלעטער.
עס זינגען מיט די ווענט.
אָט קומט ער באַלד...
אָט קומט ער באַלד...

* * *

# יענעם טאָג

(אין אָנדענק פון שרהלע יאַבלאָן ע״ה)

יענעם טאָג האָט זי געשוועבט
אין פרימאָרגן־שײַן.
מיט די ביכער אין איר ליכטיקער האַנט
ווי בלומען,
איז זי געווען אויפן וועג ערגעץ ווו
פון איר יונג בלוט צו געבן
צו ראַטעווען אַ לעבן.

דורכזיכטיק, לויטער געווען איר געדאַנק:
וואָס איז דען אַ מענטשנס לעבן ווערט
אז מ׳האָט אין זינען נאָר זיך אַליין?
ס׳איז דאָס האַרץ דאָך ווי אַ שטיין.

* * *

ווען באַרוישט פון אַלע פריידן
איז זי צוריק אין שטוב אַריין,
האָט די לופט זיך צעקלונגען
מיט דעם טעלעפאָן־סיגנאל:
מ׳האָט איר באדאנקט, באדויערט נאר
וואָס ס׳איז דער בלוט־אַנאַליז ניט קלאָר...
זאל זי גלײַך צום דאָקטער גיין,
ער וועט אַלץ געבן צו פאַרשטיין.

שפּעטער, אין שפּיטאָל,
האָט זי זיך אַלץ כּסדר
מיט די ביכער געחברט,
זיך געגרייט צו איר עקזאַמען...
זיי זענען געווען אַן אָנשפּאַר
און אַ פֿאָדעם לעבן

ווער ס'האָט איר נאָר געזען,
האָט געפֿילט אויף זיך דעם אָפּשײַן
פֿון איר מילדן חן.

נאָר יענער טעלעפֿאָן סיגנאַל,
וואָס האָט יענעם טאָג
דאָס שטיבעלע צענומען,
האָט ניט אויפֿגעהערט צו קלינגען,
און אַלץ אויף איר געלויערט...

* * *

# אָט ערשט, אָט ערשט...

(אין אָנדענק פון ישראל מאזען ע״ה)

כאָטש ליאַלקעלע, דו קענסט ניט שטיין,
קענסט ניט רעדן און ניט גיין,
דאָך דאַכט זיך אַז דו לעבסט.

אָט ערשט, אָט ערשט האָט טאַטע
דיך אַהיימגעבראַכט,
ר׳האָט אומגעטאַנצט מיט דיר, געלאַכט,
ר׳האָט געמאַכט אויך קונצן פיל,
ער האָט זיך מיט אונדז געשפּילט.

כאָטש דער מאָלצייט
וואָס מאמע האָט צוגעגרייט,
איז געווען קליין,
האָט זיך מיר דאַן אויסגעדאַכט
אַז ס׳איז געווען די בעסטע סעודה
וואָס זי האָט ווען געמאַכט.

טאַטע האָט זיך מיט אונדז פארוויַילט,
און נאָך דעם זיך אַוועקגעאיילט.
עפּעס איז מיט אים געשען —
מאַמע זאָגט: כ׳וועל אים שוין מער ניט,
מער ניט זען.

ס׳איז אַוונט איצט, ס׳איז טונקל,
אַלץ איז איַינגעשטילט.
כ׳דריק דיך ליאַלקעלע צו זיך,
ביסט אַזוי גרינג און קליין.
כ׳וויל אומשפּרינגען מיט דיר ווי טאַטע,
קען איך ניט, איך וויין.

* * *

# דער נס

כ׳האָב אַ מאָל אַ בוים, אַ בעל־מום געזען,
האַלב אָפּגעהאַקט, מיט צווייַגלעך, דאַרע שטענגלעך,
וואָס האָבן זיך צום בלי געצויגן.
נאָר איין טאָג
האָבן זיי אַ נס באַוויזן,
פּלוצעם פון זיך אַרויסגעשפּראָצט
זאַפטיק, פרישע בלעטלעך,
אַזוי ווי גרינע בלימלעך.

עס האָבן שוועלבלעך זיך מיטן בוים געחברט.
אַ שטיפעריש ווערוויקל האָט פונעם וונדער־בוים
אַ לייטערל געמאַכט.
פון פרייד האָט אויפגעציטערט ס׳ביימל.

ביי דער זייַט, די נאָדל־ביימער,
זענען שאָטנדיק געשטאַנען.
נאָר דאָ, אַרום דעם ביימל,
האָט די זון זיך אָפּגעשטעלט,
און אין אים אַרייַנגעהעלט
און אַרייַנגעהויכט אין אים
די גאַנצע זומער־פרייד.

* * *

# אין אַ דאָרפיש שטיבל

קליין און פּשוט איז דאָס שטיבל,
און אַזוי היימיש, נאָענט.
עס נעמען אונדז די ווענט אַרום.
דער רויטער טשײַניק אויפן אויוון
פּײַפט שטיל און ער רופט,
און לײַכט אויף דעם אַמאָל
בײַ יעדערן אין דמיון.

מיט אַראָמאַט פון וואַלד און פעלד
אָטעמט אַלץ אין שטיבל.
פון די קייטן בערג אַרום
ציט זיך אַ מילד בלויער טומאַן,
און פילט אָן די לופט מיט בענקשאַפט.

* * *

# מיַין ביימל

יעדן טאָג קוק איך אַרויס
אַהין אויף יענער זייט
צום דינעם, יונגען ביימל.
דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט
צווישן שטיבלעך צוויי.
זיי האַלטן איַין די זון,
און וואַרעמען, און שיצן אים
קעגן בייזע ווינטן.

איצט, אין שפּעטן האַרבסט,
ווען פּוסט און נאַקעט שטייען ביימער,
מיט צווייגן אויסגעשטרעקט ווי נאָדלען,
שטייט נאָך אַלץ מיַין ביימעלע
מיט זיַינע צוויַיגן־פּעדעם
פּאַרפּוצט מיט גרינע בלעטער.

אַזוי ווי פּאַר אַ נס
שטיי איך לעבן אים.
איך בענטש אים און באַוווּנדער אים,
און בעט עס זאָל דער האַרבסט
זיך לאַנג נאָך, לאַנג נאָך ציען.

* * *

# עס ציט, עס לאָקט

גאַסן מיט קראָמען זענען דאָ
אויפגעשטאַנען,
טראַמווייַען יאָגן זיך,
מען האַנדלט און וואַנדלט,
אָבער דאָרט, ניט ווייַט
זעט מען נאָך ברייטע פעלדער,
און אַן ענדלאַזן דרימלענדיקן טייַך,
און העט ווייַט דאָרט בייַם הימל־ראַנד —
בערג, בלויע וואָלקנס.

אַלץ זעט דאָרט אויס ווי אויסגעטראַכט,
און עס ציט, עס לאָקט אַהין —
צוריק צום פעלד, צום טייַך,
און צו די בלויע וואָלקן־בערג.

* * *

# איך פאָר

איך פאָר איבער בריקן
וואָס טראגן מיך איבער טײַכן,
און מיר ווערט אַזוי גרינג.
דאָס פאָר איך ניט, איך שוועב.
איך האָב אויסגעשפּרייט מײַנע פליגל
איבער אַלע וואַסערן.

ניט בלויז דער ים,
אויך די ערד מיט אירע בערג
כוואַליעט זיך.
איך פאָר, ניין איך וויג זיך איבער איר
אַרויף און אַראָפּ,
און איך פיל ווי אַ ריטמיש געזאַנג
גייט אויף אין מיר.
דאָס איז דאָס געזאַנג פון דער ערד
און אירע כוואַליעס.

פון ווײַטן ווינקען צו מיר פײַערלעך
ווי פײַער־פליגעלעך.
יעדעס פײַערל איז ווי אַ פונק לעבן
וואָס באַלעבט אַ שטיבעלע.
עס ווינקט, רופט צו מיר,
און נאָגט מיר אויס מײַן האַרץ.

* * *

## ווי פייגעלעך

טעשעלעך און בייטעלעך,
און שייטעלעך און קווייטעלעך,
אויף אַלע צווייַגן, פלאַנצן,
אַז עס גלוסט זיך נאָר צו טאַנצן.

עס פלייצט דער רעגן,
ס׳טרייַבט דער ווינט,
נאָר אויף דעם קליינעם רונדן צוויט
האָט קיין זאַך קיין שליטה ניט.
יעדעס קווייטל אַזוי פעסט
ווי אַ קליינע נעסט.

ווען עס לייַכט דער הימל אויף,
צעעפענען זיי זיך פלוצעם אויף.
ס׳אַנטפלעקן זיך די בלעטעלעך
ציטערדיק און פייַכט,
ווי פליגעלעך פון פייגעלעך
וואָס זענען פול מיט לעבן.
און ס׳ציטערט זייער קליין לעבן
אינעם גרויסן אַרום
וואָס רינגלט זיי אַרום.

* * *

## אַ ברעם פון טאָג

כמורנע, אומעטיק אַזוי,
פאַרוואָלקנט איז דער הימל, גרוי.
נאָר ס׳ציטערט אויף אַ ברעם פון טאָג
גלייַך ס׳וואָלט עפּעס טון אַ זאָג.
דער הימל טוט זיך אַ צעפּראַל,
און ס׳ווערט ליכטיק איבעראַל.
זינגט דאָס ליכט אין מיר אַריין.
רויִקט, הילט מיך איַין.

# איר אינערלעבער חן

זי איז יונג און איַינגעהויקערט,
מען זעט ניט איר געזיכט.
מען זעט נאָר דעם הויקער.

נאָר צומאָל, אין אַ מסיבה,
ווען זי אין רייד פאַרגייט זיך,
(אַזוי ווי אין אַ ניגון)
פאַרשווינדט פּלוצעם דער הויקער —
אַזאַ פרעמדע משא.

זי ווערט פּלוצעם פאַרענדערט,
עס שײַנט אויף איר געזיכט
מיט אַן אינערלעכן חן.
אַ פונק ליכט איז איר יעדעס וואָרט.
זי הילט זיך און זי וואַרעמט זיך
אין איר אייגן ליכט.

* * *

# הויך איז ער

הויך איז ער, ווי אויסגעצויגן,
ווי פון אַ גבור זײַן געשטאַלט.
נאָר די לאַנגע הענט
הענגען אַראָפּ מאַט, פאַרפרעמדט,
און די פײַכטע אויגן
קוקן קינדעריש־צאַרט.
און אַזוי דין זײַן קול,
אַז וואָס ער שעפּטשעט אויס
צעגייט זיך אין דער לופטן.
טראָפּנס אומעט זענען
זײַנע שטילע רייד.

ווי אַ גבור איז ער
און אַזוי קינדעריש־צאַרט.

# מיט אַ צעבראָכענעם פליגל

אָנגעלאָדן איז דער טאָג
מיט האָניק און מיט זונשײַן.
ביימער רויטלען זיך,
צינדן אָן די לופט.
טשאַטעס מעוועס שלייכן זיך,
קרײַזן אום דעם רוים,
און באַצווינגען אים
מיט ריטמישן באַוועג.

נאָר אונטן, אינעם טײַכל,
שווימט, ניין בלאָנקעט אום
אַ מעווע, גאַנץ אַליין .
צומאָל שפּרייט ער אויס די פליגל —
ס׳איז אַ שטומער אויסגעשריי.
און ראַנגלט זיך, און קלאַמערט זיך
אין דער הוילער לופט.

אָט רײַסט ער זיך צום ברעג צו,
נאָר בלײַבט שטעקן אינעם זאַמד
ווי אין אַ בלינדער... נעץ.

* * *

# טאָם

„קום, מיין שאַץ“,
זאָגט זי צום הונט.
נאָר ער דרייט זיך אַלץ אַרום,
שמעקט אַרום דעם גאָרטן.
עס שטרעקט דער טאָג די אָרעמס אויס,
ציט אים צו זיך צו
מיט גאָלדענע מתנות.

אַזאַ הונט איז טאָם,
אַז קיין חבר האָט ער נישט,
און קיין מאָל האַווקעט ער נישט.
נאָר די אויגן זײַנע,
און אַלע זײַנע גלידער
ציען זיך און בעטן
מען זאָל אים ליאַשטשען, גלעטן.

אָט רופט אים אַ שכן צו,
און רעדט זיך דורך מיט אים.
צעשפּרינגט ער זיך אַלץ העכער,
גרייט צו קושן זיין געזיכט.

נאָר ער הערט ווידער הינטער זיך:
„נו, קום שוין, טאָם,
איך רוף דאָך דיך“
פּאָלגט ער און ער בייגט זיך אײַן,
און גייט נאָך מיט אַ יאָך
אויף זיין מידן רוקן.
די אויגן זײַנע ווערן נאַס,
און עס דאַכט זיך אויס
אז אָט ווערן זיי צעגאַנגען
אין צוויי גרויסע טרערן.

אָט איז ער ווידער אין דער שטוב,
און די כמורנע, שווערע טיר
פֿאַרהאַקט זיך מיט אַ קלאַפּ.
שפּײַז פֿאַר אים שטייט אָנגעגרייט,
עס פֿאַלן איבער אים די רייד:
"וואַרט דאָ, טײַערער, ביז כ׳וועל קומען."
זי אײַלט זיך, און פֿאַרשווינדט.
די טיר פֿאַרהאַקט זיך ווידער.

עס ווערט טונקל, עס ווערט שטיקנד,
ס׳דריקן אַראָפּ סטעליע, ווענט.
ס׳שטיבעלע איז איצט אַ שטײַג.
מיט זײַנע טיפֿע אויגן
זאַפּט ער אומעט אײַן.

עס רייצן שאָטנס זיך מיט אים,
און ער יאָגט זיך מיט זיי אום
ביז ער פֿאַלט אַנידער,
און אָטעמט מיטן גאַנצן לייב.

ער זעצט זיך אויפֿן פֿענצטער,
און ווי אַן אַלטע פֿרוי
קוקט ער מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע אויגן,
און די וויעס ציטערן.

ווען פּלוצעם דערהערט ער טריט,
שפּרינגט ער צו דער טיר,
און מיט אַלע ציין און נעגל
זוכט ער זי צו עפֿענען.
אין אַ ווילדן קאַראַהאָד
שפּרינגט ער אַרום דער פֿרוי.

זי זעצט זיך גלײַך אַוועק,
נעמט אים אין איר שויס אַרײַן,
און וויגט אים, וויגט אים אײַן.

* * *

# דער עפּלבוים

גראַציעז שטייט דער עפּלבוים,
און זעט אויס ווי אַ בעכער.
ער האָט דרייַצן שטאַמען
ווייַל זיין האַרץ איז אָפן.

זייַנע בינטלעך פּרות
האַלט ער ציטעריק פעסט
אזוי ווי אין אַ נעסט.
ער זוניקט זיי און רויטלט,
שפּייַזט זיי און ער פורעמט
ביז זיי ווערן פול און שווער.
בייגן זיך די שטאַמען מער,
פאַלן עמערלעך אַראָפּ
פול צום ראַנד מיט זון און זאַפט.

און דו און איך, מיר ביידע
שטייען בייַ דעם עפּלבוים
מיט זיין אָפן האַרץ,
און אונדז דאַכט מיר זעען
ווי אַלצדינג אין דער וועלט
טוליעט זיך צוזאַמען.

* * *

# ווײַסע שעפּסן

ווײַסע שעפּסן אויף דער לאָנקע
שטייען אײַנגעבויגן,
ליבשאַפט פון דער ערד זיי זויגן.

ווײַסע שעפּסן, ווײַסע כמאַרעס
דעקן די לאָנקע צו,
שפּרייטן אַזאַ ווייסע רו.

פרעמד איז זיי דער רוים.
ווי דאָס גראָז, דער בוים
וואס אָטעמט מיט דער ערד מיט,
פילן זיי זיך פון איר אַ טייל,
און מאַמעדיק פון איר געהיט.

זיי טוליען זיך און נורן זיך
אַלץ טיפער אין דער ערד,
איר טעם און ריח פילן,
זיך מיט איר ליבשאַפט הילן.

* * *

# דער איינזאַמער

אויף דעם טישל אין זייַן צימער
שטייט אַ בלומען־טאפּ.
וואַקסן געלע בלומען,
ציען זיך גראַציעז.

קאַיאָר, ווען ס׳צערינט דער חושך,
ליכטיקן די ווענטלעך
מיט אַ געלבלעך ליכט.

עס בייגן זיך די בלומען,
זוכן עפּעס, בעטן.
טרינקט ער זיי אָן מיט פריש לעבן,
און זייער קרעפטיקן אָטעם דערפילט.
שטרעקן זיי די קעפּלעך,
און וויגן זיך עלאַסטיש.

אין דמיון דערזעט ער זייַן כלה,
זייַן מיידל פון אַ מאָל.
איר קלייד איז גענייט פון בלעטער,
פון קאָרע אירע שיך.

זי גיט אים די האַנט און זיי טאַנצן,
פלאַטערנדיק דורך דעם זאַל.
עס גליט די לופט און ציטערט,
אַלץ אַרום פאַרשווינדט.

זיי טאַנצן אויפן פעלד אַרויס,
אַנטקעגן זון שייַנט זיין כלה
אַלץ העלער און אַלץ העלער
ביז זי ווערט אין גאַנצן ליכט.

ער עפנט די אויגן,
אים דאַכט זיך ער זעט
די בלעטער פון זיין כלהס קלייד.

# אויך זי האָט זיך צעהעלט

(לזכרון מײַן מומע שרה ע״ה)

אומעט וויקלט זי אַרום,
פֿאַרשטעלט די שײַן פון טאָג,
פֿאַרשטומט, פֿאַרטויבט די לופט,
פֿאַרוואָלקנט איר געזיכט.

נאָר עס טרעפט צומאָל
עס דערגרייכט צו איר אַ קול,
אַ זיפץ פון וויי, פון פּײַן,
איז זי באַלד בײַם חולהס זײַט.

אירע דינע רייד
זוניקן דאָס צימער.
עס צעעפנט זיך דאָס פענצטער,
און ס׳ווייט אַרײַן דער אַראָמאַט
פון פריש געשניטן גראָז.
ווי גלעקלעך קלינגען קלאַנגען,
קינדערישע פון גאַס.
און אַ ברייטע פּאַנאָראַמע
קומט צו היימיש, נאָענט.

וואַכיק ווערן חושים,
דער חולה עפנט אויף די אויגן
צו אַ נײַעם וונדער.
זי קוקט און גאַפט און קוועלט —
אויך זי האָט זיך צעהעלט.

* * *

# קאַיאָר

קאַיאָר, ווען ס׳לייַכט דער הימל אויף,
וועבן שטילקייט אויס
בוים און גראָז און רויז.
אַ כישוף־מאַנטל וויקלט איַין
אַלצדינג אין אַ מילדן שייַן.

אין פעלד גייט דער גערטנער אום,
און שפרייט שיינקייט אומעטום.
צווישן זיינע פלאַנצן טרעט ער
מיט פאָרזיכטיקן טראָט.

ווי נאָר זיי דערשפירן
זייַן תפילהדיקן אָטעם,
וואַכן זיי און שפרינגען אויף,
וויגן זיך אַנטקעגן,
און פינטלען אויס אַ פרייד
אינעם שאָטן־שייַן
פון שטיל־פלאַמיקן קאַיאָר.

* * *

## אינהאַלט